# קליין-שלום-עליכם

טיפן, בילדער, ווערטלעך און טייטש-ווערטלעך

פון שלום־עליכמס ווערק

## בוך איינס



צוזאמענגעשטעלט און ארויסגעגעבן
פון
יאָסל קוצענאָגי (קיץ)
ניו-יאָרק, 1939



●

**שלום ראַבינאָוויטש**

**— שלום - עליכם —**

**געבוירן געוואָרן דעם**

**2־טן מערץ, 1859 —**

**ג ע ש ט אָ ר ב ן דעם**

**13־טן מאַי, 1916, אין**

**ניו־יאָרק.**

●

מיין מוזע:

מיין מוזע איז ווי אַלע כתרילעווקער לייט, אַ פריילעכע נשמה, אַן אָרעמע, נאָר אַ פריילעכע. זי האָט פיינט טרערן, זי האַלט נישט פון טרויעריקע סצענעס. זי זאָגט, אַז טרערן זענען נאָר די, וואָס זענען נאַס און געזאַלצן; די אַלע אי־בעריקע טרערן, וואָס דער שרייבער גיסט אויף פּאַפּיר — דאָס זענען, זאָגט זי, טרוקענע, געמאַכטע טרערן, וואָס האָבן נישט קיין ווערט.

(כתרילעווקער נשרפים)

# קליין־שלום־עליכם

דאָס איז די צווייטע אַנטאָלאָגיע פון יידישע קלאַ־סיקער, וועלכע כ׳גיב איצט אַרויס.

אָנגעפאַנגען מיין זאַמלונג־אַרבעט האָב איך נאָך אין יאָר 1916, באַלד נאָך שלום־עליכמס טויט, מיט אָפּדרוקן זיינע טייטש־ווערטלעך. אין 1925 האָב איך דאָס אַרויסגעגעבן אין אַ ביכעלע. פון דאַן אָן האָב איך געאַרבעט אויף אונדזערע דריי קלאַסיקער און אין 1931 האָב איך אַרויסגעגעבן מיין ערשטע אַנטאָלאָגיע — „קליין־מענדעלע״.

ביי דעם אומנאָרמאַלן צושטאַנד פון יידישן בוך — איז די אַרבעט געווען אַ שרעקלעך שווערע. ס׳האָט צוגענומען אַ גרויסע מאָס ענערגיע און דעם חשק ווייטער פאָרזעצן די אַרבעט.

אָבער איצט, ווען די גאַנצע יידישע וועלט פייערט דעם 80־יאָריקן יובילײ פון אונדזער באַליבטן, קיינמאָל ניט פאַרגעסענעם, שלום־עליכם — קען איך זיך ניט באַהערשן און כ׳וויל אויך צוטראָגן מיין קליינעם בייטראַג צו דער אַלגעמיינער פייערונג — דאָס בוך: „קליין־שלום־עליכם״.

כ׳זאָג: „קליינעם ביטראַג״, ווייל מיין זאַמלונג־אַרבעט באַשטייט פון אַסך אַ גרעסערן אָפּקלייב פון מאַטעריאַלן און אויך אַן אָפּטיילונג פון „שרייבער וועגן ש״ע״.

צוליב פינאַנציעלע שוועריקייטן בין איך געצוואונגען דאָס אָפּלייגן אויף אַן אַנדער גינסטיקער צייט.

כ׳דאַנק אַלע מיינע פריינט, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן אין מיין אַרבעט און —

זאָל איך אַלעמען וואויל באַקומען און האָט הנאה פון די פּערל פון אונדזער איינציקן שלום־עליכם!

— עליכם שלום!

**יאָסל קייעך.**

באַמערקונג:

אין אַלע אויסצוגן האָב איך זיך געהאַלטן פּינקטלעך ביים אָריגינאַל. ארויסגעלאָזטע ווערטער זיינען באַצייכנט מיט דריי שטריכעלעך (— — —), אריינגעשטעלטע ווערטער מיט קלאַמערן [ ].

## שלום־עליכם וועגן זיך:

זיין געבורט שטאָט

זיין טאַטע

זיין מאַמע

ער אַליין

זיין סביבה

זיין פאָטערס פרנסה

זיין „אידעאַל"

זיין געבורט שטאָט:

אַ קליין שטעטעלע אָט דאָס וואָראָנקע, נאָר אַ שיינס, מלא חן. איר קענט דורכשפּאַצירן דאָס גאַנצע שטעטל, אין דער לענג און אין דער ברייט, אין איין האַלבע שעה, אויב איר זענט בכוח און האָט פּיס. אָן אַ באַן, אָן אַ ים, אָן אַ רעש, מיט צוויי יאַרידים סך-הכל דורכן יאָר, „קראַסנע טאָר-געס" און „פּאָקראָווע" — פון יידנס וועגן געמאַכט געוואָרן, יידן זאָלן לייזן געלט און האָבן פּרנסה.

אַ קליין, קליין שטעטעלע, דערפאַר איז דאָס אָבער פול מיט אַזעלכע שיינע מעשיות און לעגענדעס.

זיין טאַטע:

אַ הויכער, מיט אַ שטענדיק פאַרזאָרגט פּנים, מיט אַ ברייטן, ווייסן געקנייטשטן שטערן, מיט אַ שיטער שמייכלענדיק בערדל, אַ באַלעבאָס אַ ייד און אַ בעל-תפלה, אַ למדן און אַ בעל-תנ"ך, אַ פרומער און אַ בעל-לשון-קודש, אַ חסיד פון טאַלנער רבין און אַ ליבהאָבער פון מאַפּו, סלאָנימסקי און צעדערבוים, אַ חקרן, אַ בורר און אַ בעל-עצה און אַ שפּילער אין שאַך און אַ מבין אויף פּערל און בריליאַנטן — אָט דאָס וועט זיין די ריכטיקע פיזיאָנאָמיע פון דעם העלדס פאָטער, רב נחום וועוויקס, וואָס האָט גערעכנט זיך אין שטאָט פאַרן גרעסטן נגיד.

וויפיל אזא נגיד פון ווארשקא האט געקענט פארמאגן — איז שווער צו זאגן; נאר געשעפטן האט ער געהאט א גוזמא: ער איז געווען א פאסעסאר, צוגעשטעלט בוראקעס אין „זא-וואד“, געהאלטן די זעמסקע פאטשט, געהאנדלט מיט תבואה, געגרוזעט בערלינעס אויפן דניעפער, געהאקט וואלד און גע-שטעלט אקסן אויף דער בראהע, נאר פרנסה האט מען גע-צויגן פון דער „שניט-קראם“. ס׳רעדט זיך אזוי א „שניט-קראם“. דארט האט זיך געפונען אויך צעלניק, און באקאליי, און היי און האבער, און היימישע רפואות פאר גויים און גויעס, און אייזענווארג אויך. אין „שניט-קראם“ האט זיך דער טאטע נישט אריינגעמישט.

זיין מאַמע:

דאס האט געפירט אינגאנצן די מאמע, א יידינע און אשת-חיל, א גיבע — טוערן און מיט סכנות א שטרענגע צו אירע קינדער. און קינדער זענען געווען היפשלעך, אריבער א טוץ, און פון אלערליי וואוקס און פון אלערליי פארב: קינדער מיט שווארצע הערלעך, מיט בלאנדע און מיט געלע. — — —

א גרויס בריהשאפט איז עס געווען פון דער מאמען אויס-צוהאדעווען אזא כאליאסטרע און אויסצושטיין אלעמענס קראנקהייטן. ווארעם אזוי פלעגט א קינד קריגן פעטש מיט קלעפ מיט בוכענצים, וויפיל ס׳איז אין דעם אריין. נאר טא-מער חלילה איז עמעצער קראנק געווארן, אזוי איז שוין די מאמע ניט אפגעטראטן פון בעטל: „א מכה דער מאמע!“ איז דאס אבער געזונט געווארן און געשטעלט זיך אויף די פיסלעך — „אין חדר אריין, דו שייגעץ איינער, אין חדר אריין!“...

ער אַליין:

מ'באַדאַרף זאָגן דעם אמת, אַז גאָר קיין שלעכט ייִנגל איז דאָס ניט געווען, אָט דער שלום נחום וועוויקס, און לער-נען האָט ער זיך געלערנט בעסער פון אַלע קינדער, נאָר פּעטש, קולעקעס, מיט קלעפּ, מיט שמיץ, ניט פאַר אייך גע-דאַכט, האָט ער אויך געקראָגן מער פון אַלע. מסתמא איז ער ווערט געווען. — — —

קאַפּירן, נאָכמאַכן, איבערקרימען — דערויף איז אונדזער שלום געווען א מזיק! האָט ער דערזען עמעצן דאָס ערשטע מאָל, אַזוי האָט ער שוין געפונען אויף אים עפּעס אַ חיסרון, אָדער אַזוי אַ „לעכעריקס", און ער האָט זיך שוין אָנגעבלאָזן ווי אַ פּאַכיר, און ער האָט אים שוין נאָכגעמאַכט. און חברה שקצים האָבן געלאַכט, און טאַטע-מאַמע האָבן צוגעשטעלט אַ בענקעלע פאַרן רבין, אַז „דער שייגעץ מאַכט נאָך דער גאַנצער וועלט, ווי אַ מאַלפּע, מ'באַדאַרף אים אָפּגעוואוינען דערפון!"

און דער רבי האָט זיך גענומען אים „אָפּגעוואוינען" דערפון — ס'האָט אָבער ווינציק-וואָס געהאָלפן... עפּעס אַ „ניטגוטער" האָט זיך פאַרקליבן אין דעם קינד, אַ מין לץ, וואָס דער גאַנצער וועלט מאַכט ער נאָך און אַלעמען קרימט ער איבער, אָבער אַלעמען, אפילו דעם רבין אַליין, ווי ער שמעקט טאַבעקע און ווי ער גייט דריבנישקע מיט די קליינע פיסעלעך, און די רביצין, ווי זי פּיסקלט זיך, רויטלט זיך און בלינצעלט מיט איין אויגל, בשעת זי דאַרף נעמען ביים רבין אויף שבת און קען ניט אויסרעדן „שבת", נאָר „סאַבעס" — און פּעטש זענען געפלויגן, און קלעפּ האָט מען געטיילט, און שמיץ האָט מען געציילט. איי שמיץ! סטייטש, שמיץ!

זיין סביבה:

ווער ס׳האָט געהאַט גאָט אין האַרצן, דער האָט גע־שטראָפט, און דווקא מיט גוטע ריִיד. דאַכט זיך, וואָס געהער זיך אָן אַ ייד אַ שמש צו אַ נגידס ייִנגל, בעת ער דאַוונט? און וואָס איז זיין עסק, אַשטייגער, וואָס אַ נגידס אַ ייִנגל קוקט דורכן פענצטער אַרויס אַקוראַט בעת שמונה־עשרה? און אַ נגידס אַ ייִנגל, מיינט איר, קוקט אומזיסט דורכן פענצ־טער? ס׳מעג זיך טאַקע זיין שמונה־עשרה. ס׳איז אָבער פּאַרט העכסט־אינטערעסאַנט צו זען אַ זעלטענע סצענע, וואָס ס׳איז כדאי אָנצוקוקן און זיך אַ מוסר אַראָפּנעמען, ווי אַזוי אַ הונט יאָגט זיך נאָך אַ קאַץ. די קאַץ האָט זיך אָנגעבלאָזן און לויפט פייל אויסן בויגן — דער הונט נאָך איר. די קאַץ אויפן פּאַרקאַן — דער הונט נאָך איר. די קאַץ אַראָפּ פונעם פּאַרקאַן — דער הונט נאָך איר. די קאַץ צום רינשטאָק — דער הונט נאָך איר. די קאַץ דורכן רינשטאָק אויפן דאַך — דער הונט אַ מכה! בלייבט ער שטיין, דער כלב שבכלבים, ווי אַ נאַר, און באַלעקט זיך און טראַכט זיך, אַפּנים: „וואָס האָב איך, הונט, נאָכצולויפן נאָך אַ קאַץ, וועלכע איז גאָר־נישט מיין שטאַם, און וואָס האָב איך צו טאָן אויפן דאַך?״...

— אָט אַזוי שטייט אַ ייִנגעלע שמונה־עשרה? — זאָגט מלך דער שמש און דערלאַנגט איבערן האַלדז־און־נאַקן. — וואַרט, שייגעץ, איך וועל שוין דערציילן דיין טאַטן!...

אָדער, אַשטייגער, וואָס גייט עס אָן עוזר דעם קאַרנאָסן בעדער — — — וואָס נחום וועוויקס ייִנגלעך גליטשן זיך באַרג־אַראָפּ אויפן געזעס און רייבן־אויס די הויזן? האָט דאָס עוזר דער קאַרנאָסער בעדער באַדאַרפט דערזען פון באַד

אַרויס און האָט זיך עם אַביסל צעלאָזט אויף זיין פאַנפּעוואַטע כלי:

— „ממזרים! הולפּייעס! א רוח אין אייער פּאָפּער און מופּער אריין! איר נעמט נייע הויזן און מאַכט א פּעל, עובר אויף בל פּשחית! אָט לויף איך אוועק צו אייך אין חפּר אריין און שפּעל אייך צו א פּענקעלע!"

פאר די וואָס פאַרשטייען ניט פאַנפּאַטש-לשון, מוז מען דאָס איבערזעצן: „ממזרים, הולטייעס, א רוח אין אייער פאָטער און מוטער אריין! איר נעמט נייע הויזן און מאַכט א תל, עובר אויף בל תשחית! אָט לויף איך אוועק צו אייך אין חדר אריין און שטעל אייך צו א בענקעלע!"...

זיין פאָטערס פּרנסה:

די אכסניה, אָדער דער טיפּ האָטעל, וואָס נחום ראַבינאָ-וויטש האָט געהאַלטן אין דער שטאָט פּערעיאַסלעוו און גע-לעבט דערפון, איז געווען דער אמתער „איינפאָר". א גרוי-סער הויף מיט גרויסע שטאַלן פאַר פערד און וואַגנס און מיט גרויסע חדרים מיט בעטלעך פאַר די אורחים. מייניסטנס זענען אין די חדרים געשטאַנען צו עטלעכע בעטלעך, און דער אורח, וואָס איז פאַרפאָרן, האָט נאָר אָפּגעדונגען א בעטל, ניט קיין גאַנצן חדר. סיידן א נגיד, אַן אָפּגעפּוצטער, א מיוחס. אַזעלכע זענען אָבער געווען זעלטן און די האָבן גע-הייסן „פּעטע" אורחים. דאָס רוב אורחים זענען געווען „בעטלעך". די האָבן נישט באַדאַרפט באַזונדער קיין סאַ-מאָוואַרן מיט קיין באַדינערס. איין סאַמאָוואַר א גרויסער איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין „זאַל", און יעדער פון די „בעטל-אורחים" האָט זיך געהאַט זיין טשייניק מיט זיין ביסל טיי — גיסט אייך יידישע קינדער, און טרינקט אייך וויפיל

אייער הארץ געלוסט ! . . . א מחיה געווען אַנצוקוקן אין דער פרי, אָדער אויף דער נאכט, ביי ראבינאָוויטשן אין איינפאָר. א גאַנץ בינטל יידן אַרום טיש, מ׳טרינקט און מ׳רעדט אַלע אין איינעם און מ׳גראַגערט און מ׳רויכערט — דעם רויך כאַטש שניידט מיט א מעסער ! און רעדן רעדט מען פון וואָס איר ווילט. דער רעדט פונעם יאריד — א יאריד-מענטש. דער רעדט פון ווייץ — אַ ייד, וואָס האנדלט מיט ברויט. דער רעדט פון דאָקטוירים — אַ ייד אַ קראנקער, וואָס הוסט. און דער רעדט גאָר פון חזנים — א ייד, וואָס האָט ליב נגינה, און טוט אים עפּעס. און יענער זיצט זיך אין אַ ווינקל, שאָקלט זיך און דאַווענט דערווייל פון פאָרנט מיט א קול פון א נקבה.

און דער באַלעבאָס אַליין, רב נחום ראבינאָוויטש, א ייד אַ חלוש, מיט א קעצן כאַלאַטל, מיט א קיילעכיק יארמעלקעלע אויפן קאָפּ און מיט א גראָבן פּאַפּיראָס, זיצט צווישן די אורחים אויבן-אָן, ווי א מלך, און הערט זיי אוים אַלעמען אין איין צייט, אבער נאָר מיט איין אויער, ווייל מיטן אנדערן אויער הערט ער זיך צו, אפשר ניט ווילנדיק, צו דער שטיף-מאַמעס מענה-לשון, וואָס גיסט זיך אזוי ווי בוימל און ציט זיך אזוי ווי האָניק. דאָס רעכנט זי זיך מיט אירע שטיפקינ-דער אויפן ניכטערן הארצן, טיילט זיי אוים ברכות יעדן באַ-זונדער מיט דער פולער האנט. דערלאַנגט דעם א זעץ אין זייט אריין, דעם א סטוסאַק אין האַלדז-און-נאַקן, און יענעם איז זי מכבד מיטן רעכטן פוס אין בויך אריין. זי וויל, אז איינער זאָל גיין פאַרוויגן איר דאָס קינד, אז דער אנדערער זאָל גיין אין מאַרק אריין איר העלפן טראָגן דעם קויש, און אז דער דריטער זאָל גיין גלאַט אין דער ערד אריין . . .

און די קינדער פאָלגן, טוען אַלץ וואָס מ׳הייסט זיי, ווארעם די צייט איז שלעכט, פרנסה איז געשלאָגן, אין חדר גייט מען נאָר א האַלבן טאָג, דעם אַנדערן האַלבן טאָג העלפט

מען אויס דעם טאַטן ווי וויס מ'קען. ווער אין שטוב אַרום די אורחים, און ווער אין דרויסן אויפן בענקעלע ביים טויער — צו פאַררופן די דורכפאָרנדיקע באַלעגאָלעס: „אַהער פאַרפאָרט, א ה ע ר!"... — — — —

דער העלד פון די דאָזיקע באַשרייבונגען געדענקט גאַנץ גוט יענע צייט, ווען ער איז געזעסן אויפן ב'ענקעלע ביים טויער. זומער אין דער גרעסטער היץ געבראָטן זיך אויף דער זון, און ווינטער אויף דער קעלט געפרוירן ווי אַ הונט, איינגעהילט אין אַ צעריסן פעלצל מיט אַזעלכע שטיוועלעך, וואָס האָבן זיך געבעטן צום שוסטער, און ער האָט געקלאַפּט אַ פוס אָן אַ פוס און אַרויסגעקוקט, טאָמער וועט זיך באַווייזן אַ באַלעגאָלע, אָדער אַ בוכטע מיט אורחים, וועט ער אויפשטיין, זיך לאָזן אַקעגן: „אַהער פאָרט! פאַרפאָרט אַהער!" זענען אָבער באַלעגאָלעס, ווי אויף צו־להכעיס, דורכגעפלויגן פאַרביי און זענען גאָר פאַרפאָרן אין אַ צווייטן, אַ רייכערן איינפאָר. — — — די שטיפמאַמע גליט ווי אויף פּאָקן: „נישט געקומען קיינער? וואָס וועט זי טאָן מיטן ברויט, וואָס זי האָט אָנגעבאַקן, און מיט די פיש, וואָס זי האָט אָנגעקאָכט? כאַטש נעם וואַרף זיי אַרויס פאַר די הינט! צי איר מיינט אפשר, אַז עס וועט זיין פאַר אייערטוועגן?" — ווענדט זי זיך צו די שטיפקינדער — איר זענט גאָר נעבעך קראַנק צו עסן אַלטנעבאַקן ברויט! ס'וועט זיך אייך אודאי שטעלן פּאַפּעריק אין האַלדז, אָדער אייער מאָגן וועט עס חלילה ניט פאַרדייען! אַ קלייניקייט, אַזעלכע איבערגעוואַשענע קינדערלעך, אַ גאַנצע כאַליאַסטרע, קיין עין־הרע, און אַלע אַזוי איידל געפּאַצקעט! מ'האָט זיי גאָרניט געקענט איבערלאָזן — — —

ביים זיידן מיט דער באָבען, זיי זאָלן בעסער דאָרטן קרענקען, איידער נעמען זיי אַהער, נעמען זאָל אייך דער רוח, זיי זאָלן העלפן עסן, עסן זאָלן אייך ווערעם און טאַטשען אייער לייב

לעבעדיקערהייט, ס׳זאָל פאַלן פון אייך שטיקער, ווי ס׳פאַלט פון מיר, אז ס׳קומט דער ווינטער, קומען זאָל אויף אייך אן אויסכאַפּעניש מיט אן איינדאַרעניש, מיט אן איינשרומפּעניש״...

(פונעם יאריד)

זיין „אידעאל״:

צו „שרייבער״ האָט דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע געהאַט א נייגונג פון תמיד אָן. זיין אידעאַל איז געווען צו זיין א מחבר, א שרייבער, — — — טאַקע באמת א שרייבער, אָ פאַרפאַסער פון א בוך. אויף אים האָט נביאות געזאָגט נאָך זיין [פאָטערס אן] אַלטער פריינט, — — — אז ער וועט אמאָל זיין אַ שריפטשטעלער און וועט שרייבן העברייאיש, — — — האָט אבער [אן אנדער פריינט] — — — געדרונגען פאַרקערט: אז אויב אָט דער חברה-מאַן וועט אמאָל שרייבן, וועט ער שוין זיין בעסער א רוסישער שרייבער, ניט קיין העברייאישער. — — —

מיט איין וואָרט, אָדער העברייאיש, אָדער רוסיש. אז דער חברה-מאַן וועט אמאָל שרייבן  י י ד י ש — דאָס איז קיינעם אויף די געדאַנקען ניט געקומען, וואָרעם יידיש איז דען אויך א שפּראַך? דאָס הייסט, רעדן האָט מען קיין אנדער שפּראַך ניט גערעדט אויסער  י י ד י ש,  נאָר אז מ׳קען  ש ר י י ב ן  אויף יידיש — ווער האָט דאָס געוואוסט? „זשאַרגאָן״, „עברי-טייטש״ — דאָס איז א מאכל פאַר ווייבער. א ייד האָט זיך געשעמט צו האַלטן א יידיש ביכל אין די הענט — מ׳וועט זאָגן: א גראָבער יונג!...

פונדעסטוועגן געדענקט זיך א מעשה נאָך פון קינדווייז.

נאָך אין יענעם פאַרוואָרפענעם קליינעם שטעטעלע, אין וואַ-ראָנקאַ, האָט א יידיש ביכל, און דוקא אויף „זשארגאָן" גע-שריבן, געהאט דעם גרעסטן דערפאָלג. וואָס דאָס איז געווען פאַר א ביכל — קען זיך דער העלד פון דער ביאָגראַפיע ניט דערמאָנען. ער געדענקט נאָר, אז ס'איז געווען אַ ביכעלע א קליינטשיקס, א דארינקס, מיט געלע, פארסמאָלצעוועטע, צע-פאַלענע און אָפּגעריסענע בלעטלעך. אָן טעוועלעך, און אפילו אָן א פאָדערבלעטל. שבת-צו-נאַכטס, אלע באַלעבאַטים פון שטאָט האָבן זיך צונויפגעקליבן ביי רב נחום וועוויקס אויף „מלוה-מלכה". די מאמע איז פארנומען אין קיך מיטן „וואָל-כישן באָרשט", און דער עולם האלט זיך אונטער דערוויל. רב נחום לייענט א מעשה-ביכל. דער טאַטע לייענט, און דער עולם זיצט אַרום טיש, רויכערט פּאַפּיראָסן און מ'קאַ-טשעט זיך, מ'האלט זיך ביי די זייטן פאַר געלעכ-טער, און מ'אונטערברעכט אלע מינוט דעם פאָר-לעזער און מ'דריקט-אוים די גרויסע התפּעלות הויך אויף א קול. און ס'שיטן זיך קללות אויפן בעל-מחברם אדרעס: „אָט א ימח-שמוניק! א כל-בויניק! א ממזר! א רוח אין זיין טאַטנס טאַטן אריין!"...

אפילו דער פאָרלעזער אליין קען זיך ניט איינהאלטן, ווערט שיער דערשטיקט פאַר געלעכטער! די קינדער ווילן ניט גיין שלאָפן, און שלום אודאי ניט. פארשטיין וואָס דער טאַטע לייענט — פארשטייט ער ניט. נאָר ס'איז אים גלאַט געפעלן צו זען, ווי יידן מיט בערד קאַטשען זיך, האלטן זיך ביי די זייטן און שיסן-אוים אלעמאָל מיט א געלעכטער. און ער זיצט פון דער ווייטנס און קוקט אין אלעמענס פּנימער, ווי זיי שיינען, און ער איז מקנא יענעם יידן, וואָס האָט גע-מאכט אָט דאָס ביכעלע, און זיין טיפּסטער וואונטש איז, אז נאָט וועט העלפן, ער וועט אויסוואַקסן און ווערן א גרויסער,

וועט ער אויך אָנשרייבן אַזאַ מין ביכעלע, וואָס יידן וועלן דאָס לייענען און וועלן לאַכן און וועלן אים שעלטן אין גוטן מוט, גלאַט אַזוי זיך, אין טאַטנס טאַטן אריין . . .

(פונעם יאריד)

## װעגן ייִדן:

ייִדן

ייִדישקייט

ייִדישע אסיפות

ייִדישע ביכער

ייִדיש טעאַטער

ייִדישע מאכלים

ייִדישע פעקלעך

ייִדישע „קאָמפּלימענטן"

ייִדישע קללות

ייִדישע שרייבער

ייִדישע תקיפות

„שיינע ייִדן"

ייִדן:

ייִדן האָבן ליב זיין די ע ר ש ט ע ביים ארייגנאנג.
זיי האָבן ליב זיין די ע ר ש ט ע אויך ביים ארויסגאנג.
(בלאָנדזשענדע שטערן)

אַ ייִד, אַז ער גיט אייך שלום, גיט ער אייך נאָר די שפּיץ פינגער.
(קדלת וקדשת)

אַ ייִד, אַז ער קוקט אויף אייך, לייענט איר איבער אין זיינע אויגן: „ווער זענט איר? עפּעס זענט איר מיר קענט-לעך? און וואס איז אייער טועבטס? זאָגט, אפשר קענען מיר איינס דאָס אנדערע צונוץ קומען?"
(די פריילעכע קאָמפּאניע)

אַ ייִד איז קיין גנב נישט. דאָס הייסט, אַ ייִד איז אפילו יאָ אַ גנב, נאָר נישט אזא גנב, וואס זאָל קריכן דורך אַ פענצ-טער, אָדער גיין מיט אַ מעסער יענעם קוילן. דרייען, אויס-דרייען, ארייננדרייען, פארדרייען און אָפּדרייען יענעם דעם קאָפּ — דאָס מהיכא-תיתי, אבער נישט קריכן יענעם אין קעשענע אריין, מ'זאָל אים נאָכדעם באַדאַרפן פירן מיט אַ געלער לאטקע אויף דער פּלייצע...
(אויסגעטרייסלט)

יידישקייט:

פסח — מצה, סוכות — פירעזשקעס מיט האָניק, פורים — דאָס, ווי אזוי הייסט דאָס? המנטאשן, טייגלעך, פארפעל, מאָהינדלעך, קישעלעך און די אלע איבעריקע גוטע זאכן... — פיש געפעפערטע מיט כריין, „פעטשאָ“ מיט געטריקענטע פענעצלעך מיט קנאָבל, פליישיקע קרעפלעך צו דער יויך — דאָס וואָלט ער א בעלן געווען אלע טאָג, און א יידיש ראָסל פליישל מיט לעבערלעך און מיט פופיקלעך — דאָס חיות! ער וואָלט מוחל געווען צען ביפשטעקסען פאר איין יידיש העלדזל, מיט מעל אָנגעפילט און מיט א פאָדעם פארנייט. ער וואָלט אוועקגעגעבן פופצן קאָמפּאָטן פאר איין יידישן צימעס מיט מייערן, גוט געבראָזשעט, מיט מעל פאר-פראוועט, און א שטיקל ברוסט זאָל זיין דערביי; דאָס שטיקל ברוסט אז מ׳פעפערט צו, איז דאָך א כפרה אלע מאָדנע פליישן מיט די היינטיקע וואורשטן מיט די ווארשעווער שינ-קען, וואס יידן מוטשען זיך, זיי ווילן ס׳זאָל האָבן א יידישן טעם און א פנים פון א חזיר...

(וואָס איז חנוכה)

יידישע אסיפות:

...אז אלע פאַרנעמסטע באַלעבאַטים האָבן זיך צו-נויפגעזאַמלט אין גרויסן בית-המדרש און עס זענען געקומען די נגידים מיט די רבנים, דיינים און די איבעריקע שבעה טובי-עיר, איז דער שמש ארויף אויף דער בימה און האט אויסגעקלאפט דריי מאָל: „שא, שטילער, ס׳זאָל זיין שטיל, שאַט, שטיל זאָל זיין!“ נאָכדעם איז אויפגעשטאַנען איינער פון די רבנים און האָט געהאלטן זייער א לאַנגע דרשה, גע-בראַכט פסוקים א גוזמא, צונויפגעטשעפעט איין פסוק מיטן

אנדערן, אויסגעוויזן על-פי מדרש און על-פי קבלה, אז דאָס איז דער אמתער „קץ“, דאָס הייסט, אז איצט באַדאַרף קומען משיח, ער מוז קומען, אַניט איז פּאַסקודנע, פּע, ער מוז, ער מוז קומען! ... און אַזוי ווי די רויטע יידלעך שטייען איצט אין א צרה, און ווער שמועסט די אָרעמעלייט פון די „קאַבצעניוועס“, וואָס זענען געבליבן ווי אויפן וואַסער, — באַדאַרף די שטאָט זען, מ׳זאָל זיי העלפן איטלעכער מיט וואָס ער קען, ווער מיט אַן עצה, ווער מיט געלט...

— נו, אדרבה, פאַרקערט, אדרבה! — רופן זיך אָן עט-לעכע נגידים מיט אַמאָל, — אדרבה, פאַרקערט, אדרבה, מיר אַליין וועלן אויך מיטהעלפן ווי ווייט מעגלעך, און אפילו טאָ-מער באַדאַרף קאָסטן עפּעס געלט, אַרט אונדז אויך נישט, אַבי נישט קיין סך, געוויינטלעך. וואָרעם קיין סך, וואָס איז שייך, קען מען נישט.

אַלצדינג באַדאַרף זיין ביים גאַנג, מיט א מאָס, מיט א חשבון, ובפרט געלט, איר פאַרשטייט? ...

ס׳איז שווער צו פאַרשטיין, וואָס איז די מעשה, וואָס איצטיקס מאָל זענען די נגידים געוואָרן אַזוי גוט, אַזוי ווייך, כאָטש לייג זיי צו צו א מכה? פון זייער ריידן האָט מען אַרויסגעזען, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך פילן, אַז זיי זענען אין עפּעס שולדיק, אַז זיי האָבן עפּעס פאַרזינדיקט קעגן די אָרעמע רויטע יידלעך... די נגידים זענען געוואָרן אַזוי אויפגעלייגט, האָפערדיק, אַז זיי האָבן דערלאָזט יונגעלייט „משכילים“, זאָלן זיך אַריינמישן מיט זייערע עצות, וואָס מ׳שרייבט אויף די בלעטער.

— פאַראַן נאָר איין מיטל — זאָגן זיי, די משכילים, — איין-און-איינציק מיטל אויף צו העלפן די אָרעמעלייט: עמיגראַציע.

— וואָס הייסט דאָס „מיגראַציע“? — פרעגן די נגידים.

— עמיגראציע — זאָגן די יונגעלייט — הייסט עמיג-
רירן, פאָרן, אוועקפאָרן, ארויספאָרן פון דאנען און באזעצן
זיך אין אנדערע לענדער.

— וואוהין? — פרעגן די נגידים — אין וואָסערע
לענדער?

— וואוהין? — זאָגן די יונגעלייט — קיין הודו, קיין
כוש, קיין בבל, און איבערהויפּט קיין מצרים, ווייל ערד איז
אין מצרים פאראן אסך, נאָר מענטשן ווינציק; אלצדינג איז
דאָרטן בזול הזול, העכער האלב אומזיסט. אזוי שרייבט מען
אין די בלעטער...

אן אנדערש מאָל וואָלטן זיך די יונגעלייט פאר אזא מעשה
נישט געגאַרט; זיי וואָלטן געכאפּט א מיאוסן פּסק פון די
נגידים פאר אזא העזה זיך אריינצומישן צווישן עלטערע. נאָר
דער געדאנק פון עמיגראציע, איז זיי שטארק אריין אין נאָז
אריין:

עס שמעקט מיט פּטור ווערן פון די אָרעמעלייט
— עפּעס א קלייניקייט...

(די רויטע יידעלעך)

יידישע ביכער:

א זאך, וואס מ׳לייט עס, נאָר מ׳קויפט עס ניט...

(שלום עליכם בוך)

יידיש טעאטער:

צו דער ערשטער פאָרשטעלונג איז נישט נאָר ראפאלאָ-
וויטשעס הויף געווען באלאגערט מיט מענטשן — די גאנצע
גאָס איז געווען אָן עפּל נישט דורכצוואווארפן. מ׳איז געווען
זייער נייגעריק א קוק צו טאָן אויפן טעאטער כאָטש פון
דרויסן. אויף אריינטרעטן אינווייניק זענען געווען שוין ווינ-
ציקער בעלנים, איבער אסך טעמים: ערשטנס, דארף עס,

זאָגט מען, קאָסטן געלט, און געלט איז אין האָלענעשטי א זעלטענער ארטיקל. צווייטנס, נישט א יעדער קען זיך דער-לויבן צו גיין אין טעאטער אריין. דאָס פּאַסט פאר יונגע ווייבלעך, בחורים און מיידלעך, אָבער ניט פאר אנשטענ-דיקע מענטשן, יידן מיט בערד, וואָס האָבן שוין אפשר דער-וואקסענע טעכטער אויף חתונה צו מאכן. איז דאָך אָבער פאראַן א יצר-הרע, ניט געדאכט זאָל ער ווערן, רוימט ער איין א סוד אין אויער: „וואָס וועט אייך ארן, רב ייד, אז איר וועט א קוק טאָן פון דערווייטן דורך א שפּארינקעלע כאָטש און וועט זען, ווי מ׳שפּילט יידיש טעאטער?“ . . .

אזעלכע בעלנים אויף א קוק טאָן דורך א שפּארינקעלע האָבן זיך אָבער צונויפגעקליבן אין האָלענעשטי שוין אביסל צופיל, אזוי פיל, אז די אדמיניסטראציע פונעם טעאטער האָט געמוזט פון דער ערשטער נאכט אָנווענדן דערצו אן עקסטרא מיטל פון „וזרקתי“. דאָס איז אזא מין מאשין, וואָס טוט א שפּריץ אָפּ דעם עולם מיט קאלט וואסער, ווירקט דאָס אוים-געצייכנט, טויזנט מאָל בעסער ווי די בעסטע פּאָליציי. ס׳איז גוט און עס קאָסט וואָלוול. — — —

יידן גייען פון טעאטער. פון יידישן טעאטער. און אז יידן גייען פון טעאטער, גייען דאָס יידן, ניט קיין גויים. רעדט מען, שרייט מען און מ׳מאכט מיט די הענט. איינער גיט איבער דעם אנדערן, וואס ער האָט געזען אין טעאטער און וואָס ער האָט געהערט. און איטלעכן דאכט זיך אוים, אז דאָס וואָס ע ר האָט געזען, האָט נאָר ע ר געזען, און דאָס, וואָס ע ר האָט געהערט, האָט נאָר ע ר געהערט. און מען זינגט איבער נאָכאמאָל די לידלעך פון טעאטער. און העכער פאר אלע רייד יונגוואַרג. און פריער פאר אלע לויפן קליינוואַרג, און האָלענעשטי כאפּט זיך אויף.

(בלאָנדזשענדע שטערן)

יידישע מאכלים :

א קרופניק, א וואַלכישער באָרשט, טייגלעך מיט פּאַסאָליעס, א מאַהינע, א מאַמעליגע, א טייגעכץ, א קאַשע מיט האָניק, ווארניטשקעס מיט שמאַלץ, פּאַמפּעשקעס מיט קנאָבל, קאַרזש מיט קעז, שקצים מיט מאָן, בערעטשקעס מיט פלאָמען. — — — קוגלען אליין איז פאַראן אפשר מער ווי א צענדליק : א לאָקשנקוגל, א געבלעטערטער קוגל, א קוגל א געקנעטענער, א קוגל פון רייז, א קוגל מיט ראָזשינקעס, א קרעפּלקוגל, א שטרודלקוגל, א מאַנדלקוגל, א קוגל מיט העלדזלעך, א קוגל מיט קישקע און נאָך מינים קוגלען. אויך צימעסן זענען פאַראן אלערליי : א פלאָמען-צימעס, א מייערצימעס, א פּאַסטערנאַק-צימעס, א צימעס פון בארלעך, אָן עפּלצימעס, א צימעס פון ראָזשינקעס, א צימעס פון שאַפּטאַלן, א צימעס פון געווירצן מיט לאָרבער-בלעטער . . . — — — פעפער זאָל זיין אסך, גוטן הארבן כריין, רעטעך דוקא שוואַרצן, און ציבעלעס מיט הערינג, א ציבעלקע מיט לעבערלעך, א ציבעלקע מיט גריוון, און גלאַט ציבעלעס . . .

(די רויטע יידעלעך)

יידישע פעקלעך :

יעדער ייד האָט מיט זיך אונטערוועגס נישט ווייניקער ווי צוויי-דריי פעקלעך, און ווייבער האָבן, א חוץ די פעקלעך, אויך קישנס מיט קאָלדרעס מיט שמאַטעס, פון דער וועלט שמאַטעס. אין וועג זענען דעריבער יידן אוים נישט נאָר ווי רייזענדע אליין, נאָר ווי וואַנדערער, ווי ע מ י ג ר א נ ט ן, וואָס פאָרן-אריבער ערגעץ זייער אין א ווייטע מדינה, דאָרט וואו ס׳איז נישט צו קריגן פאַר קיין געלט נישט קיין קישנס, נישט קיין קאָלדרעס, נישט קיין שמאַטעס . . . און זיי פילן זיך דערפאַר אומעטום, ווי ביי זיך אין דער היים. יידן, וואוהין

זיי זאָלן נישט פאָרן, פירן זיי, ברוך השם, מיט זיך זייער היים, זייער „געטאָ" מיט זייער גלות, און דערפאר, אַפנים, האָבן זיי אומעטום און אַלעמאָל טאַקע איין פנים, בייטן זיך אַזוי גיך נישט איבער און פילן זיך גוט נאָר דעמאָלט, ווען זיי זענען אַלע אין איינעם. און די וועלט טוט זיי צוליב: איר ווילט אין איינעם — זייט אייך אין איינעם...

(כתרילעווקער נשרפים)

יידישע „קאָמפּלימענטן":

אביון, בטלן, גראָבער-יונג, דלפון, הונט, וצדקתך, זולל-וסובאניק, חצוף, טינטלער, יודלעק, כלב-שבכלבים, מסור, נודניק, סוואָליטש, עם-הארץ, פּראָוואָקאטאָר, פוילאַק, צרעת, קבצן, רעטעך, שוטה, תרח...

אויסוואורף, באָדיונג, גנב, דבר-אחר, הולטיי, וואָווקע-לאַקע, זשוליק, חזיר, טריפניאַק, יונגאַטש, כל-בויניק, ליגנער, ממזר, נאַבאַל, סקאַנדאַליסט, עזות-פנים, פארך, צורר-היהודים, קריכער, רשע, תרחם אייניקל...

(כתרילעווקער פראָגרעס)

יידישע קללות:

אַ שטעכעניש, אַ ברעכעניש, אַ בייסעניש, אַ רייסעניש, אַ דרייעניש, אַ פארדרייעניש, אַ דאַרעניש, אַ קווארעניש, אַ טריקעניש, אַ פארטריקעניש, און איינטריקעניש, און איינ-שרומפּעניש... (די רויטע יידלעך)

דאָס מויל זאָל זיך זיי, רבונו-של-עולם, שטעלן אויף אַ זייט! די צונג זאָל זיי אָפּפאַלן! די אויגן זאָלן זיי ארויס! הענט און פיס זאָל זיי אָפּנעמען! אויף קוליעס זאָלן זיי גיין! טאַטע-מאַמע זאָלן זיי פארלירן! צו קבר-ישראל זאָלן זיי ניט

קומען! איבער די הייזער זאָלן זיי זיך שלעפּן מיט קינדס־קינדער, אויף דור־דורות, טאַטעניו, זיסער פאָטער, ליבער האַרציקער געטרייער! (בלאָנדזשענדע שטערן)

וויפיל לעבעלעך ס'איז אויסגעשטופּעלט געוואָרן אין אַלע מצות פון דער וועלט זינט די יידן זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים ביז היינטיקן פּסח — אַזוי פיל פרישטשיקלעך זאָלן זיך דיר זעצן, ממזר, אויף דער צונג...

(בלאָנדזשענדע שטערן)

עסן — עסן זאָלן דיך ווערעם! טרינקען — טרינקען זאָלן דיך פּיאַווקעס, שרייען — שרייען זאָלסטו אויף די ציין! פּאַרנייען — נייען זאָל מען אייך תכריכים! גיין — גיין זאָלסטו אין דער ערד! שטיין — שטיין זאָלסטו פּראַווצעם! זיצן — זיצן זאָלט איר אין געהאַקטע וואונדן! ליגן — ליגן זאָלט איר אין דער ערד! רעדן — רעדן זאָלט איר פון היץ! שווייגן — אַנטשווייגן זאָלט איר ווערן אויף אייביק! זאָגן — געזאָגט זאָל אייך ווערן אַלדאָס בייז! האָבן — האָבן זאָלסטו מכות בכורות! ניט האָבן — ניט האָבן זאָלסטו קיין גוטס ווייל דו לעבסט! טראָגן — טראָגן זאָל דיך דער רוח אויף די פּלייצעס! אַריינטראָגן — אַריינטראָגן זאָל מען דיך אַ קראַנקן! אַרויסטראָגן — אַרויסטראָגן זאָל מען דיך אַ טויטן! אַרומטראָגן — אַרומטראָגן זאָל מען דיך אויף די הענט! אַוועקטראָגן — אַוועקטראָגן זאָל מען דיך אויפן בית־עולם! שרייבן — שרייבן זאָל מען דיר רעצעפּטן! פאַר־שרייבן — פאַרשרייבן זאָלסטו ווערן צום טויט! אָפּשרייבן — אָפּשרייבן זאָל מען דיך פון קדחת! אַריינשרייבן — אַ משוגענעם אויסמעקן און דיך אַריינשרייבן!...

(פונעם יאריד)

„ליטעראטן" — א דיכטער, וואס שרייבט לידער, און זעלטן-זעלטן שרייבט ער אויך פּראָזע, נאָר רעדן רעדט ער גישט מיט קיינעם, אפילו מיט זיין אייגן ווייב — ס'שטייט אים נישט אָן. ער האלט זיך גרעסער פון דער גאנצער וועלט, און אפילו פון זיך אליין... פּושקין איז א הונט. לערמענ־טאָוו — א ייִנגל. מיט היינען האָט מען אים אמאָל פאַר־גליכט, איז ער געוואָרן אָנגעצונדן: וואָס איז היינע? א לץ! א בדחן!... אויף אים דערציילט מען א שיינע מעשה: ער גייט נישט אין באָד אריין. ער איז געווען אמאָל אין באָד, און דערזען זיך א נאַקעטן, איז ער געוואָרן מלא כעס וחמה: אזא גרויסער דיכטער — זאָל מען אים זען א נאַקעטן!

(כתרילעווקער פּראָגרעס)

א דראמאטורג, וואס באַקט דראַמעס, ווי מ'באַקט בייגל. וויפיל וואָכן אין יאָר אזויפיל דראַמעס. מיינט איר, ער האָט עפּעס דערפון? צרות האָט ער. ער האָט א ווייבל, ווערט זי אלע יאָרן געלעגן, וויל ער ניט ליידן: „אלע יאָר א קינד!" זאָגט זי: „ווייסטו וואָס? לאָמיר זיך בייטן: האָב דו קינ־דער און איך וועל שרייבן דראַמעס."

(כתרילעווקער פּראָגרעס)

ער שרייבט ראָמאַנען. גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט זיצט ער און שרייבט ראָמאַנען. ניט אומזיסט זענען אים קאַליע געוואָרן די אויגן. צוליב וואָס ער שרייבט ראָמאַנען — ווייסט קיינער ניט, בסך-הכל האָט ער אויף זיין לעבן אָנגע־שריבן עפּעס א מעשה, און די „יאַרמעלקע" האָט זי אָפּגע־דרוקט. פון דעמאָלט אָן האַלט אָט דער ייד אין איין שרייבן ראָמאַנען. קיינער דרוקט זיי ניט. קיינער לייענט זיי ניט.

נאָר ס׳איז ניט זיין עסק — ער שרייבט. דערצו האָט אים נאָט געבענטשט מיט א ווייב, האלט זי א קלייטל פון שרייב-געצייג. ניט ער איר צו לייזן געלט...

(כתרילעווקער פראַגרעס)

יידישע תקיפות:

יידישע תקיפות איז שטעלן א פייג אונטער דער פאָלע — און רופ מיך קנאַקניסל!...

(יקנה"ז)

„שיינע יידן":

מנחם-מענדל איז חלילה נישט קיין אבי-ווער, וואָס זאָל ביי דיר וועלן אויסנאַרן, ער איז, חס-ושלום, ניט פון קיין שניידערס און פון קיין שוסטערס! ער האָט, זאָגט זי, זייער א ליטישן טאַטן, און א זיידן, זאָגט זי, האָט ער געהאַט נאָר א צאַצקע, געזעסן יומם-ולילה און בלינדערהייט געלערנט תורה. און די באָבע ציטל, זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט, איז עפּעס אויך געווען, זאָגט זי, ניט קיין פּראָסטע יידענע...

(א בוידעם)

אין אונדזער משפחה זענען פאַראַן מלמדים, חזנים, שמשים, קברות-יידן, און גלאַט אזוי אָרעמעלייט, נאָר נישט, חלילה, קיין שניידערס און נישט קיין שוסטערס...

(הײנטיקע קינדער)

# יידיש־לעבן און מנהגים:

אונדזער לעבן
אַ פרימאָרגן אין שטאָט
דעם פעטער ביינישעס שטוב
באַלעבאַטישקייט
מעבל
אַ חזן
דער שולהויף
דער חדר
אין וואַגאָן — דריטע קלאַס
מ'פאָרט אויף „דאַטשעס"
כיבוד
סאָלאָווייטשיק דער שדכן
סטעמפעניו
ביי דער גילדערנער יויך
מ'באַקט מצות
אַ שריפה

אונדזער לעבן:

איטלעכער האָט אין זינען זיך, איטלעכער איז פאַרנו-מען מיט זיינעם: דער קרעמער קוקט אַרויס אויף קונים; דער בעל-הלואה שרייבט קוויטלעך „על-פי-היתר-עסקא"; די קליינע פּיאַווקעלעך נעמען „וואָכער"; דער באַלמעלאָכע האָ-רעוועט מיטן בלוטיקן שוויס; די שוחטים שעכטן, די חזנים זינגען, די מלמדים קנעלן; די מארק-מענטשן גייען אַרום מיט די שטעקעלעך אין גאַס און טראַכטן: וואו נעמט מען אויף שבת?... יונגעלייט, משכילים, שרייבן מאמרים אין די בלעטער; זיי קומען זיך צונויף אַלע שבת-צו-נאַכט, מאַכן אסיפות און מ׳שמועסט, וואו נעמט מען געלט אויף צו קויפן ערד אין ארץ-ישראל?... די נגידים דערהערן נאָר דאָס וואָרט „געלט", קומט אויף זיי אַן אויסכאַפּעניש. „וויים איך! — זאָגן זיי — קבצנים, שלעפּערס, מלמדים, יינגלעך ווילן אָפּקויפן ארץ-ישראל. נישטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן!" — — — און די אָרעמעלייט? גאָרנישט. אָרעמעלייט זענען זיך אָרע-מעלייט, גייען זיך אויס שטילערהייט פון הונגער — ווער קען זיי חלילה פאַרווערן? שטאַרבן איז א גאָט-זאַך, מיר וועלן אַלע שטאַרבן... און די קינדער זייערע — אויך נישקשה. גייען זיך אַרום פראַנק און פריי, נאַקעט און באָרוועס, נישט געצוואָגן, נישט געקעמט, פּאַליאַסקען זיך אין דער בלאָטע מיט אַלע חזירים. און להבדיל, די רבנים? און די איבעריקע כלי-קודש? — לאָזט זיי געמאַך: זיי האָבן גענוג אַרבעט ביים

עירוב, ביים פסחדיקן בראָנפן, ביי דער מצה־שמורה און ביי די אַלע איבעריקע זאַכן, וואָס זענען שייך צו יידישקייט.

(די רויטע יידלעך)

ווידער די אייגענע בלאָטע פאַר פסח. ווידער די שרעקלעכע היצן מיט דעם שלעכטן ריח אום תמוז. ווידער די ברענענדיקע פרעסט אום ווינטער. אַלע די אייגענע האַלבאיינגעפאַלענע קליטן מיט די פאַריאָמערטע קרעמערקעס אין מאַרק, וואָס שלעפּן פאַר די פּאָלעס. ווידער די אייגענע פיזיאָנאָמיעס מיט די קאָסטיומען אויף יעדן טריט. ווידער די אייגענע „אינטעליגענציע", וואָס פאַרפלייצט אַלע שבת די באַרדיטשעווער גאַס, איינגעטונקען אין זייד און סאַמעט מיט אַ סך רויטע, גרינע, בלויע, געלע סטענגעלעך אויפן האַלדז, מיט זיסע, זויערע, ביטערע, ווייניקע, געזאַלצענע שמייכעלעך אויף די ליפּן...

(קינדערשפּיל)

אַ פרימאָרגן אין שטאָט:

ס'האָט זיך געלאָזט הערן ערגעץ אַ רוק פון אַ טיר, אַ קרעכץ פון אַן עמער, פון אַ צוויי־דריי קוימענס האָט זיך באַוויזן אַ רויך, און אַ קרייען פון העגער האָט זיך געלאָזט הערן אַלע מאָל שטאַרקער און לעבעדיקער; ס'האָבן זיך געעפנט אַלע טירן און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן גאָטס באַשעפענישן אין געשטאַלט פון בהמות, קעלבלעך, ציגן, און, להבדיל, יידן, ווייבער און מיידלעך, פאַרבונדן מיט וואַרעמע שאַלן און פאַרוויקלט ווי די ליאַלקעס, איינגעהויקערט אין דרייען און איבערגעפרוירן ווי די קיסליצעס — הקיצור, מיין שטעטל האָט אויפגעלעבט, ווי אַ לעבעדיקער מענטש, אַשטייגער. ס'האָט זיך אויפגעכאַפּט, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, גע-

כאפּט אויף זיך דאָס מלבוש און גענומען זיך צו דער אַר־
בעט: די מאַנסבילן צו עבודת-הבורא, דאַוונען, לערנען, זאָגן
תהילים, און די ווייבער צו די אויוונס, צו די באַקדייזשעס,
צו די קעלבעלעך מיט די ציגן.

(עולם הבא)

דעם פעטער ביינישעס שטוב:

ווען איר זאָלט ניט קומען אהין, טרעפט איר א ליאַרעם,
אַ געשריי, א געפּילדער, ס׳איז דאָרט א פולע שטוב מיט קינ־
דער — האַלב-נאַקעטע, פאַרשמירטע, פאַרמורזשעטע, נישט
קיין געצוואָגענע, תמיד צעשלאָגענע, שטענדיק צעדראַפּעטע,
אָפּטמאָל צעבלוטיקטע, מיט סימנים אונטער די אויגן. דער
ווינט און דער לאַכט, דער זינגט און דער קוויטשעט, דער
הוקעט און דער פּיפּעט, דער האָט אָנגעטאָן דעם טאַטנס קאַ־
פּאָטע, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און דער פּאָרט רייטנדיק
אויף א בעזעם, דער טרינקט מילך פון א קריגל, דער קנאַקט
ניסלעך, דער טראָגט זיך אַרום מיט א קעפּל פון א הערינג
און דער סמאָצקעט א קאָנפעקטל, און פונעם נעזל רינען ביי
אים צוויי קליינע ריטשקעלעך גלייך אין מויל אַריין.

די מומע יענטע איז שטאַרקער פון אייזן, אז זי האַלט־
אויס פון דער דאָזיקער „קאָמאַנדע". זי שעלט זיי, זי קנייפּט
זיי, רייסט זיי אויס שטיקער פלייש. זי קלויבט נישט איבער:
ווער ס׳כאַפּט זיך אונטער אונטער דער האַנט, דער באַקומט
אַ זעץ, אַ טראַסק, א בוכענצי אין זייט אַריין. א פּאַטש איז
דאָרט אַ וואָכעדיקער גאַנג.

(חנוכה-געלט)

באַלעבאָטישקייט:

אַ שאַפע מיט קופּער, מ׳וועט זי נישט אויסקויפן מיט קיין ק״ן קערבלעך, אַ סאַמאָוואַר און נאָך אַ סאַמאָוואַר, און אַ טאַץ אַ מעשענע, און נאָך איינע אַ וואַרשעווער; און לייכ־טער אַ פּאָר זילבערנע, און כוסות מיט כוסהלעך געגילטע, און אַ חנוכה־לעמפּל אַ געגאָסענס, און נאָך זאַכן, שמאָכטע־ליאַקעס אָן אַן עק...

(הײנטיקע קינדער)

מעבל:

בײַ אונדז איז געווען אַן אַלטע קאַנאַפּע, אַ ירושה־קאַ־נאַפּע נאָך פונעם זיידן רב אַנשיל, וואָס איבער איר האָבן זיך געשלאָגן מײַנע צוויי פעטערס מיטן טאַטן עליו השלום. דער פעטער בעני האָט געטענהט, אַז ער איז דער עלטערער זון, קומט אים די קאַנאַפּע; און דער פעטער סענדער האָט גע־טענהט, אַז ער איז דער יונגסטער, קומט א י ם די קאַנאַפּע; און דער טאַטע עליו השלום האָט געטענהט, אַז טאָקע ער איז נישט מער ווי אַן איידעם, האָט ער אויף די קאַנאַפּע קיין שליטה ניט, נאָר אַזוי ווי זײַן ווײַב, דאָס הייסט די מאַמע מײַנע איז אַ בת יחידה, קומט א י ר די קאַנאַפּע. דאָס איז איינמאָל אַוועק. והשנית, שטייט די קאַנאַפּע בײַ אונדז אין הויז איז די קאַנאַפּע א ו נ ד ז ע ר קאַנאַפּע. האָבן זיך אַרײַנגעמישט בײדע מומעס, די מומע איטקע און די מומע זלאַטקע, און האָבן אָנגעפירט אַ רכילות פון איינעם צום אַנ־דערן, קאַנאַפּע־קאַנאַפּע, די שטאָט האָט זיך געוויגט מיט דער קאַנאַפּע.

— בקיצור, די קאַנאַפּע איז געבליבן א ו נ ד ז ע ר קאַנאַפּע.

(אויפן פידל)

א חזן:

אז ער צעזינגט זיך, איז ווי א רעגן. אז ער הויבט אָן גיין, גייט ער...

(בלאָנדזענדע שטערן)

דער שולהויף:

...די קאַלטע-שול, די ליטווישע-שול, דאָס שניידערשע שולכל, דאָס גרויסע בית-מדרש, דאָס קליינע בית-מדרש, דאָס אַלטע בית-מדרש, די ערשטע קלויז, די חסידישע קלויז, די מתנגדישע קלויז, די נייע קלויז, דאָס געלע קלייזל — ביז מ׳קומט צו דער קצבישער קלויז און פון דאָרטן שוין לאָזט מען זיך אַראָפּ אין אונטערשטן קלייזל. — — — אַלע אויף איין גאַס, אויף איין שטיקל ערד, כמעט אין איין הויף — און דאָס ווערט אָנגערופן דער „שולהויף“. — — —

אונדזער שולהויף האָט צוויי געשטאַלטן: אין דער וואָכן איז ער אַנדערש, שבת און יום-טוב — ווידער אַנ-דערש. אין דער וואָכן איז ער א מארק פון יידישע ספרים, טליתים, ציצית און מזוזות, פוילע עפּל, קברות-באַרלעך, סעמעטשקעס און בעבלעך, מאַאינדלעך, בייגעלעך און צו-קערלעקעך. ציגן צעליגן זיך, ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן און זענען מעלה-גרה, שאָקלען בשעת מעשה מיט די בערד-לעך. קומט אבער שבת און יום-טוב — אוים מארק, אוים מסחר, אוים ציגן. יידן, זאָלן געזונט זיין, קלויבן זיך צונויף רעדלעכווייז, מ׳רעדט און מ׳גראַנערט, מ׳דערציילט נייעס פון דער גאַנצער וואָך, פונעם גאַנצן יאָר און פון דער גאַנצער וועלט. אויך קינדער, חדר-יינגלעך, זענען דאָ. חדר-יינגלעך פון אַלע חדרים לויפן, שפּרינגען, שוועבן אהין און אהער, ווי די פיש אין וואסער; גאָט האָט זיי געשענקט א מתנה —

זיי זענען פריי! מ׳באטראכט זיך איינס דאָס אנדערע די נייע קאפּאָטקעלעך, וועמענס איז לענגער, די יום־טובדיקע קאַש־קעטלעך, וועמענס קאָפּ איז גרעסער, און מ׳מעסט אויף פינ־גער, וועמענס פיאה איז קירצער. דערביי כאַפּט מען, גע־וויינטלעך, ווער א פליק און ווער א שטורך און ווער א קלאַפּ — ס׳איז פריילעך.

(די פּאַן)

דער חדר:

א קליין גויאיש שטיבל אויף הינערשע פיסלעך, מיט שטרוי געדעקט, אמאָל אביסעלע איינגעבויגן אויף א זייט, און אמאָל אָן א דאך, ווי אָן א היטל. איין פענצטערל, און אַז אסך — איז צוויי. די ארויסגעזעצטע טאָפלי איז אָדער פאר־קלעפּט מיט פּאַפּיר, אָדער פארשטעקט מיט א קאָפּנקישעלע. די ערד איז א „געוואַלקעוועטע“, באשמירט מיט ליים. און אויף שבת און יום־טוב — באַשאָטן מיט זאמד. א גרויסן טייל פונעם חדר פארנעמט דער אויוון מיטן אויפן־אויוון און מיט דער „לעזשאנקע“. אויף דער לעזשאנקע שלאָפט דער רבי, און אויפן אויוון — זיינע קינדער. ביי דער וואנט שטייט א בעט — דער רביצינס בעט — מיט א סך קישנס צוקאָפּנס און קליינטשיקע קישעלעך כמעט ביז דער סטעליע. דאָרט אויפן בעט, אויף א ווייסן ליילעך, ליגט אמאָל א בלאט לאָקשן, אמאָל קיכלעך און בייגל (אויב די רביצין פארנעמט זיך מיט בעקעריי), און אמאָל א קינד (אויב ס׳איז געפער־לעך קראַנק). אונטערן אויוון א „פּאָדפּיטשניק“ (אין דער ליטע רופט מען עס „קאטוך“). דאָרט האָדעוועט מען עופות, געוויינטלעך אויף פּרנסה. ביי דער קרומער מעוברתער וואנט — א שאַפע אויף האלטן ברויט, קרינגלעך און טעפּ־לעך. אויף דער שאַפע — דאָס אייזערנע געפּעס, א זיפּ, א

דערקאַטש, אַ ריבאייזן וכדומה אַזעלכע כלים. פון פאַרנט, סאַמע ביים אריינגאַנג, קאַטשערעס מיט לאַפּעטעס, און אַ גרויסע פאַמויניצע תמיד פול, און אַ צובער אַ הילצערנער, וואָס רינט, אויף וואַסער האַלטן, און אַ האַנטוך וואָס איז תמיד נאַס, אויף די הענט אָפּצוואַווישן. און אין מיטן שטוב אַ לאַנגער טיש מיט צוויי לאַנגע בענק, — דאָס איז אייגנטלעך דער חדר, די שול, וואו דער רבי שטודירט מיט זיינע תלמידים. אַלע, סיי דער רבי, סיי די תלמידים שרייען. דער רביצינס קינדער, וואָס שפּילן זיך אויפן אויוון, שרייען. די רביצין, וואָס פּאַרעט זיך ביי דער „קיך", שרייט אויף אירע קינדער, למאי זיי שרייען. די עופות, וואָס אונטערן פּאַד-פּיטשניק, קוואַקען: דאָס האָט די קאַץ אַראָפּגעשפּרונגען פון דער לעזשאַנקע, אַ שטילינקע, אַ רואיקע, אַ גלאַטינקע, זיך אריינגעכאַפּט אונטערן פּאַדפּיטשניק און ספּאַלאָשעט די עופות. ניט געדאַכט זאָל זי ווערן!

(פונעם יאַריד)

אין וואַגאָן — דריטע קלאַס:

אַז איר פאָרט דריטע קלאַס, זענט איר ביי זיך אין דער היים. און ווער שמועסט, אַז אין וואַגאָן זענען נישטאָ קיין אַנדערע, נאָר אחינו בני-ישראל — זענט איר שוין צופיל אין דער היים. אמת, דריטע קלאַס איז נישט אַזוי באַקוועם, אַ פּלאַץ דאַרפט איר פאַרכאַפּן מיט געוואַלד; ס'איז אַ גע-ווימל, אַ געטומל, אַ האַרמידער מיט אַ הו-האַ; איר ווייסט ניט, וואו זענט איר און וואו זענען אייערע שכנים?... דער-פאַר אָבער ווערט איר גיך באַקענט איינס מיטן אַנדערן. אַלע ווייסן, ווער א י ר זענט, וואוהין א י ר פאָרט און וואָס איז אייער טועכץ; און איר ווייסט אַלעמען — ווער ז י י זענען, וואוהין ז י י פאָרן און וואָס איז ז י י ע ר טו-

עכץ. ביינאכט פארשפּאַרט איר שלאָפן, וואָרעם איר האָט מיט וועמען צו ריידן; און אז א י ר רעדט ניט, רעדן ז י י און לאָזן אייך נישט שלאָפן. און וואס איז דאָס טאקע פאר א שלאָפן פּלוצלונג גאָר אין וואגאָן? דאכט זיך, גלייכער, אז מ׳קען ריידן מיט א מענטשן, וואָרעם, אז מ׳רעדט, דעררעדט מען זיך. כ׳זאָל האָבן די גליקלעכע יאָר, וויפיל מאָל ס׳מאכט זיך, אז פון אזא ריידן אין וואגאָן מיט ווילד-פרעמדע מענטשן ווערט געשלאָסן א געשעפט, פּיקט זיך אויס א שידוך, אָדער מ׳ווערט גלאט געוואָר א זאך, וואס קומט צונוץ. — — —

אין דער פרי — — — עפנט-אויף, זייט מוחל, אייער טשעמאָדאנטשיקל און הויבט-אָן אויסלייגן וואס איר האָט: בראָנפן איז בראָנפן, קיכלעך איז קיכלעך, אייער איז אייער, פּולקע איז פּולקע, פישל איז פישל. טאָמער געפינט זיך ביי אייך אן עפּל, א מאראנץ, א שטיקל שטרודל — נעמט-ארויס, לייגט-אנידער, שעמט זיך ניט! אלע וועלן מיט אייך פאר-בייסן, קיינער וועט זיך ניט אָפּזאָגן! אונטערוועגנס און בקאָמפּאַניע, פארשטייט איר מיך, עסט זיך גאָר מיט אן אנ-דערן אפּעטיט . . .

(דריטע קלאס)

מ׳פּאָרט אויף „דאַטשעס“:

ווינטער איז מען געזעסן ביי פארהאַקטע פענצטער, זו-מער — ביי אראָפּגעלאָזטע פּאָרהענגלעך און פארמאכטע לאָדן, און אז ס׳איז געווען שטארק היים, און די זון האָט שטארק דערקוטשעט, האָט מען זיך באהאלטן אין די קעלערס, ביינאכט געשלאָפן אין דרויסן, געפאָכעט מיט דער נשמה — און גאָרנישט. מען איז ניט געשטאָרבן. דאָס הייסט, שטארבן איז מען געשטאָרבן, נאָר ניט פון דער זון, ניט פון דעם, וואָס

ס׳איז היים אין דרויסן. איצט, זאָלט איר אָנקוקן, אַז ס׳קומט זומער, איז אַ בהלה אויף די כתרילעווקער יידן. ס׳ווערט זיי היים אין שטאָט, היים און דושנע, און מ׳רעדט שוין גאָר וועגן לופט, וועגן „וואַזדוך״, וועגן אַרויספאָרן אויף אַ „דאַ-טשע״. — — —

דער עולם פּאַקט זיך אין וועג אַריין, ס׳שלעפּן זיך פורן מיט פורלעך, גאַנצע קאַראַוואַנעס פון אויבן ביז אַראָפּ מיט כל טוב: בענקלעך און טישלעך, בעטן און בעטלעך, טעפּלעך און פּאָקרישקעס, קוימענס פון סאַמאָווארן, אויבערשטע פון שטייסלעך, קישנס און פּערינעס, אַלטע ווייבער און פּיצלעך קינדער — — — אַ גויאיש שטיבל, מיט שטרוי געדעקט, פון אינווייניק און פון אויסווייניק אויסגעשמירט מיט גרויען ליים, און ס׳שמעקט מיט מיסט און מיט קו און מיט זויער-טייג, אַ הויפל ווי אַ זשמעניע די גרויס, אַ שטעלעכל פאַר חזרים, אַ האָן שפּאַצירט אַרום מיט הינער, און קראָפּיווע מיט שטעכעלקעס מיט בוריאַן, הויך געוואַקסן — אָט דאָס איז דער גן-עדן פונעם כתרילעווקער דאַטשניק. — — — די ווייבער קאָכן אָפּ דעם קאַלטן באָרשט, „שטשאַוו״ רופט מען עס, און שטעלן דעם סאַמאָוואַר מיט שטעקעלעך, מיט שפּענדלעך און מיט פאַרטריקענטע בוזשיקעס, מ׳פאַרשפּאָרט קוילן. און די מאַנסבילן וואַרפן אַראָפּ די קאַפּאָטעס, זעצן זיך אַוועק גאַנץ שיין אויף דער הוילער ערד, מ׳קוקט אַרויף אין אָנגעגליטן הייסן הימל אַריין און מ׳פילט עפּעס אַ מאָדנעם ריח, אַ ריח, וואָס מ׳האָט אים קיינמאָל אין שטאָט ניט געפילט נאָך.

הײנט די קינדער? פון קינדער שמועסט מען ניט. פאַר יידישע קינדער עפנט זיך דאָך גאָר אַ נייע וועלט, אַז ס׳קומט זומער אויף דער דאַטשע. און נישט איין וועלט, נאָר טאַקע אַלע דריי הונדערט צען וועלטן! אַ קלייניקייט גראָז! אַ ווער-טעלע קראָפּיווע, אַ שפּילעכל קנאַקעלקעס! און בעזעמער?

און בוזשיקעס און גרינע אגרעסן? און רויטע ווייםפערלעך? און געלע סאַנישניקעס? און ווייסע פּליטערלעך? און וואס איז ווערט אַנצוקוקן קליינע הינדעלעך, נאָר-וואס אויסגעפּי-קעטע פון אייער? און יונגע קאטשקעלעך, א שטייגער, וואס אז זיי גייען, קאטשען זיי זיך, ווי א כתרילעווקער נגידיתטע און מיוחסת שבת בייטאָג, אז זי גייט אויפן שפּאציר? און דאָס, מיינט איר, איז גאָרניט, וואָס מ׳קאָן אין מיטן גאָס אַננעמען פולע זשמעניעס מיט שטויב און מאכן „חושך של מצרים״? און דער טעם פון נאָכלויפן נאָך א פולן וואָגן מיט נאָר-וואָס אָפּגעשניטן ברויט און ארויסשלעפּן א פּאָר זאנגען פון הינטן — א מכה זאָל דער גוי וויסן? הייגט די סאזשעלקע, וואס מ׳קאָן דאָרטן טאָן עטלעכע זאכן מיט אמאָל: אי פיש כאפּן, אי באָדן זיך.

(זומערדיקע ראָמאנען)

כיבוד:

אויפן גרויסן שיין-אויסגעבעטן טיש שטייען אויסגע-שטעלט גרויסע הויכע פּיראמידן, טאָרטן אזעלכע, וואס אז מ׳טוט א קוק אויף זיי, פארשטייט מען, אז זיי זענען געמאכט געוואָרן נישט אויף צו עסן; איר ווייסט אפילו ניט, פון וואנען, ווי ארום הויבט מען זיי אָן צו עסן? איר וועט דאָך ניט אויפשטיין אין מיטן דרינען, כאפּן א מעסער, צי א גאָפּל, און אומוואלגערן אזא מאַכינע, אזא בוידעם! וואס פאר א פּנים וועט איר האָבן נאָכדעם ביי זיך אליין, אז איר וועט צעוואלגערן דעם דאָזיקן בוידעם און צעניסן דעם קרים אויפן טישטוך? די מאדאם וועט אייך דוקא זאָגן מיט א שמייכעלע: „ניטשעוואָ, ס׳מאכט נישט אויס״ נאָר איר דאַרפט שוין פארשטיין וואס דער „ניטשעוואָ״ באדייט... גלייכער, זאָג איך אייך, איר זאָלט בעסער נישט נאָכגעבן

דעם יצר־הרע: מ׳האָט אנידערגעשטעלט א טאָרט — לאָז שר שטיין געזונטערהייט!... דאָס אייגענע איז מיט די בארן, מיט די עפּל און מיט די מאראנצן. איר זעט, דאכט זיך, פאר אייערע אויגן א גאנצן אוצר מיט בארן, מיט עפּל און מיט מאראנצן; נאָר לאָז זיך אייך ניט גלוסטן! זיי ליגן אזוי קונציק אויסגעלייגט: א שורה עפּל, א שורה בארן, א שורה מאראנצן, ארומגעלייגט ביי די זייטן מיט קאָנפעקטן, ראָזשינקעס און טייטלען. נאָר אזוי ממזריש, אז אויב איר ווילט ארויסבאקומען למשל, א באר, אָדער אן עפּל, מוזט איר אָנרירן אלע איבעריקע שכנים — און ס׳הויבן אָן פאלן און שפּרינגען אויפן טיש, און פונעם טיש אויף דער ערד, איין עפּל נאָכן אנדערן, איין מאראנץ נאָך דער אנדערער — דעמאָלט, ס׳זאָל זיך אייך עפענען א גרוב, וואָלט איר, דאכט זיך, בעסער אין דער ערד אריין, איידער נאָכלויפן צונויפקלויבן די עפּל, וואס קאטשען זיך אונטערן טיש!... דאָס אייגענע איז מיטן איינגעמאכטס און מיט די אלע איבעריקע זיסן זאכן, וואס שטייען אויסגעשטעלט אויפן טיש. קוקט נישט, וואס ס׳איז צוגעגרייט געוואָרן טעלערלעך, מיט שעלעכלעך, מיט לעפעלעך, מיט גופּעלעך אָן א שיעור. איר קענט, חלילה, א נעם טאָן נישט מיט דעם לעפל, וואס מ׳דארף, און נישט אין יענעם שעלעכל, וואס מ׳דארף, פארגיסן און אָנארבעטן א חתונה — וואָס טויג עס אייך? איר ווילט א שטיקל לעקעך מיט איינגעמאכטס? — וועט איר עסן אין דער היים.

(וואָס איז חנוכה)

סאָלאָווייטשיק דער שדכן:

סאָלאָווייטשיק איז א שדכן פון דעם איצטיקן מאָדערנעם כתרילעווקע, און ער הייסט שוין ניט „שדכן" נאָר „פארמיט-

לער״! סאלאוויטשיק איז בארימט ניט אזוי מיט זיינע גרויסע שדוכים, וואָס ער פירט דורך, ווי מיט זיין מויל, מיט זיין רעדן. ער קאָן אייך איבעררײדן די גאנצע וועלט. ס׳איז גאָר ניטאָ א מענטש, וואס זאל קאָנעןביישטיין קעגן סאלאוויי־טשיק דעם פארמיטלער, אז ער הויבט אָן צו ריידן. ס׳איז אש־להבה! סאלאָוויטשיק, דער פארמיטלער איז טאקע דעם אלטן רב שלום שדכנס א זון, און איז א ייד פון היינטיקער וועלט, טראָגט שוין, פארשטייט זיך, א קאפעליוש אויפן קאָפּ און א ווייסע מאנישקע מיט א שניפּס. אמת, דער קאפּעליוש איז שטארק אָפּגעבארעט, די ווייסע מאנישקע איז ניט איבעריק וויים און דער שניפס איז, זאל ער מיר מוחל זיין, עפּעס א מין שמאטע, וואס גלאנצט — ס׳איז אבער פאָרט א קאפּע־ליוש און פאָרט א מאנישקע און פאָרט א שניפּס! היינט ליגט צו צו דעם א פּידזשאק, טאַקע אָן אַלטן נאָר א קורצן פּי־דזשאק, וואס הענגט אויף אים אביסל פרעמדלעך, און הויזן א פּאָר, אפילו קורצלעכע, דערפאר אבער ברייטע, גאנץ בריי־טע, און קעסטעלדיקע — געווען אמאָל, אין די יונגע יאָרן, גאָר־גאָר פיינע הויזן — וועט איר פארשטיין דעם חילוק פון אים ביז זיין טאטן, עליו השלום. נאָר דאָס אלצדינג איז בלאָטע אקעגן די באָרד און פּאות. ווער מיר באָרד? וואס מיר פּאות? מילא, די באָרד איז נאָך ווי ס׳ניט איז. איז ניט קיין באָרד — איז א בערדל. א מענטש איז ניט מחויב צו טראָגן א בעזעם אויפן פּנים. אבער פּאות? קיין סימן אפילו! אָפּ־געשוירן, אונטערגעגאָלט און אויסגעקארניעט מיטן ווארצל! — — — וואָס דארפט איר מער? זיין טאטע, עליו השלום, פלעגט טראָגן א זאָנטיק, א גרויסן א רויטן פּארעסאָל. אים שטייט ניט אָן, ער איז שוין אן אריסטאָקראט מיט א שטעקל און רופט זיך סאָלאָוויטשיק דער פּארמיט־לער.

(זומערדיקע ראָמאַנען)

סטעמפעניו:

... ער פלעגט א כאפ טאָן דאָס פידעלע און א פיר טאָן מיטן סמיק, איין פיר טאָן, נישט מער, פלעגט דאָס שוין אָנ-הויבן ביי אים צו ריידן. אבער ווי אזוי מיינט איר, ריידן? טאקע מיט ווערטער, מיט א צונג, ווי, להבדיל, א לעבעדיקער מענטש. ריידן, טענהן, זינגען מיט א געוויין, אויפן יידישן שטייגער, מיט א גוואלדערניש, מיט אן אויסגעשריי פונעם טיפן הארצן, פון דער נשמה. דעם קאָפּ פלעגט סטעמפעניו פארוווארפן אויף א זייט, די לאנגע שווארצע פאטלע האָר צע-וואָרפן אויף זיינע ברייטע אקסלען, די אויגן, די שווארצע ברענענדיקע אויגן, פארריסן ארויף, און דאָס שיינע ליכטיקע פנים פלעגט ביי אים ווערן מיטאמאָל בלייך, ווי דער טויט; אָט נאָך איין מינוט — אויס סטעמפעניו! מ'זעט נאָר, ווי א האנט פליט ארויף און אראָפּ, ארויף און אראָפּ, און ס'הערן זיך פארשידענע קולות, און ס'גיסן זיך אלערליי מיני גע-זאנגען, און אלץ אזעלכע אומעטיקע, טרויעריקע, אז ס'נעמט-אָן ביים הארצן, ס'ציט ביי דער נשמה, ס'נעמט ארויס דאָס געזונט. דער עולם גייט-אויס מיט אלע כוחות, מ'שטארבט, מיט אלע איברים. דאָס הארץ ווערט פול, צעווייקט און ס'שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. יידן זיפצן, יידן קרעכצן, יידן וויינען. און סטעמפעניו? — ווער סטעמפעניו? וואס סטעמפעניו? פרעגט אים בחרם, וואו ער איז אין דער וועלט? ער טוט זיך זיינס: „טיאָך-טיאָך-טיאָך" — און גענוג! און אז ער הערט-אויף צו שפילן, טוט ער א שמיץ דאָס פידעלע און נעמט זיך אָן ביים הארצן; די אויגן ברענען אים דע-מאָלט ווי צוויי הבדלות, און זיין שיין פנים שיינט, ווי די גאנצע וועלט. דער עולם כאפט זיך אויף ווי פון א שלאָף, פון א טרויעריקן נאָר א זיסן שלאָף, און אלע יידן הויבן-אָן

ארויסצוזאָגן זייער התפעלות, אלע אין איין קול. מ׳אַכקעט, מ׳אַכקעט, מ׳לויבט, מ׳שמוצערט, מ׳וואונדערט זיך, מ׳קען זיך גאָרניט אָפּלויבן.

— ננגו, סטעמפּעניו! איי, סטעמפּעניו!

(סטעמפּעניו)

ביי דער גילדערנער יויך:

דער עולם זיצט מיט גרוים דרך-ארץ, און די כלי-זמר שפּילן אן אומעטיקס, א „מאַראַלנע״, דאָס פידעלע וויינט, פארגייט זיך אויף דער גראָבער סטרונע, און די איבעריקע חברה האלט אים אונטער אויך גאנץ טרויעריק. ס׳פאלט אָן אויפן עולם א שטיקל מרה-שחורה, און יעדער ווערט ווי פאר-זאָרגט, אפילו גאנץ אנגענעם, נאָר פארזאָרגט: יעדער פאר-טראכט זיך, לאָזט אראָפּ די נאָז, און רייבנדיק מיטן פינגער אין טעלער, אָדער קנעטנדיק קייקעלעך פון דער פרישער חלה, פארטיפט זיך יעדער אין זיינע גערדאנקען, אין זיינע טרויעריקע גערדאנקען, דען יעדער האָט זיך מסתמא זיין זאָרג, און קיין צרות דאַרף א ייד ניט גייען לייען.

און אזוי ווערט צונויפגעגאָסן דאָס אומעטיקע שפּילן מיט די טרויעריקע מחשבות אין איינעם, און יעדער קרעכץ פון דעם פידעלע „טיאָך-טיאָך-טיאָך״ רופט זיך אָפּ ביי די חתונה-לייט אין הארצן און געפינט דאָרט א ווידער-קול. דאָס הארץ בכלל, און דאָס יידישע הארץ בפרט, איז א פי-דעלע: מ׳קוועטשט די סטרונעס און מ׳ציט פון דעם ארויס פארשידענע, און צום מיינסטן טרויעריקע, וויינענדיקע לי-דער...

(סטעמפּעניו)

מ׳באַקט מצות:

ביי הענעך דעם סטאָליער אין פּאָדראַד איז אַ חיק. מ׳באַקט מצות. דעם נגידס מצות, געוויינטלעך, אויפן ערשטן אויוון. אויפן ערשטן אויוון איז בעסער און שענער און כשרער און מער כבוד, און מער מצוה — קומט דאָך דאָס דעם נגיד...

הענעך אליין, דער פּאָדראַטשיק הייסט דאָס, איז גאָרניט דער הענעך, וואָס תמיד. אויף זיין געל פּנים האָט זיך צע־גאָסן אַ מין חן, די בעקלעך פלאַמען אים, און פון דער ניט־צעקעמטער באָרד איז געוואָרן נאָך מער אַ זשמוט — אַ גאַנצער קאָלטון.

— קינדער, לעבעדיק! לעבעדיק! — טרייבט אונטער הענעך די העלפּערס — קאַטשעט, רעדלט, זעצט די מצות, ס׳איז דעם נגידס מצות!...

דעם נגידס ווייבל, שרה-זיסל די נגידית, אַ יידענע מיט אַ גוידער און מיט פּערעלעך, ווערט גרעבער ווי לענגער. זי שטייט און קלערט, וויפל זאָל זי איבערלאָזן די העלפּערס: צוויי קערבלעך איז צופיל, אַ קערבל איז צו ווינציק; אַ רובל מיט אכציק — וועט זיין צו גריוונעס אויף אַ מענטשן...

— וויפיל, מיינסטו, וועלן מיר דאָ כאַפּן? — פרעגט איין ווייבל אַ ראַבעטיני ביי אַן אנדער ווייבל מיט אַ פויגעלש פּנים, און ביידע קאַטשען געשמאַק.

— איך רעכן צו פערטעלעך, — ענטפערט איר דאָס אַנ־דערע ווייבל, וואָס מיטן פויגעלשן פּנים.

— פאַרוואָס ניט צו האַלבע קערבלעך? — זאָגט דאָס ערשטע ווייבל, די ראַבעטיני.

— משוגע וועט זי ווערן? צעטיילן ניין קערבלעך? — זאָגט יענע מיטן פויגעלשן פּנים.

— פארוואָס ניט? קראנק איז זי? — זאָגט די ראבע־טיני.

— לאָז זי זיין קראנק פאַר מיר און פאַר אלע יידן! — זאָגט די וואָס מיטן פויגעלשן פּנים און צעלאַכט זיך.

אויף זיי קוקנדיק צעלאכן זיך נאָך עטלעכע ווייבלעך.

— און פאַר מיר אויך!

— און פאַר מיר אויך!

— און פאַר מיר אויך!

— און פאַר מיר אויך!

(דער מלך מיט דער מלכּה)

אַ שריפה:

אַ שריפה — דאָס איז אַ ספּעקטאַקל, אַן אומזיסטיקע פאַרשטעלונג, אַ העכסט־אינטערעסאנטע פאַרזאַמלונג פון אלערליי טיפּן יידן און ווייבער, אַן אָפּשפּיגלונג פון אלערליי סצענעס, טרויעריקע און פריילעכע — מ'דאַרף נישט קיין טעאַטער. די נאַכט איז שטיל, דער הימל איז טיף, שטערן פינקלען, וואו־ניט־וואו לאָזט זיך הערן דאָס בילן פון אַ הונט. און דאָס שטיבל ברענט זיך ווי אַ ליכטל, רואיק, פּאַמעלעך. ס'האָט צייט. פון אלע גאַסן ציען זיך מענטשן. פריער שלעפּערדיק, דערנאָך לעבעדיקער און האַמעטנער. פריער איינציקווייז, דערנאָך מחנותווייז, און יידישע קינדער — אַ גאַנצע כאַליאַסטרע. יידן מיט ארבע־כנפותן וואַרפן זיך אין פייער אריין ראַטעווען, ווייבער קוויטשען, קליינע קינדער וויינען, בחורים זאָגן ווערטלעך, אונטערגעוואַקסענע מיידלעך לאַכן.

(פונעם יאריד)

א שריפה:

ס'איז געווען שוין ווייט נאָך האלבע נאכט, אז ס'האָט זיך געהערט פון אלעביידע קלויסטערס:

בום! בום! בום!

בום! בום! בום!

אין האָלענעשטי, אז מ'דערהערט דריי מאָל „בום", איז דאָס א סימן, אז ס'איז א שריפה. און ווי באלד א שריפה אין האָלענעשטי, אזוי לויפט זיך צונויף די גאנצע שטאָט. מ'העלפט ארויסטראָגן זיך. מ'ראטעוועט די נפשות. און דוקא אליין. וואָרעם קיין פייערלעשער איז אין האָלענעשטי ניט פאראן. ס'ווערט דעריבער אזא אָנגעלויף מיט אזא גערדערנג, אז כמעט צוליב דעם אליין איז אין האָלענעשטי כדאי צו זיין אויף א שריפה. מ'זעט זיך מיט א וועלט. מ'הערט נייעס. ס'איז פריילעך.

ביי ישראָלי דעם חזן אין שטוב האָט פריער פון אלעמען דערהערט דאָס קלינגען די חזנטע לאה. — — — פלוצעם דערהערט זי דריי מאָל „בום", און נאָכאמאָל דריי מאָל „בום", כאפט זי א קוק אין פענצטער און דערזעט א שטיק רויטן הימל, שפרינגט זי אראָפ פון בעט, וועקט זי פאוואָלינקע דעם מאן, ער זאָל זיך ניט דערשרעקן:

— ישראָלי! ישראָלי! שטיי אויף, גאָט איז מיט דיר, ס'איז גאָרניט, ס'נעצט.

— ס'נעצט? וואו נעצט?

ישראָלי כאפט זיך אויף א דערשראָקענער, לאה באַרואיקט אים.

— שרעק דיך ניט, ס'איז טאָקע אויף אונדזער גאָס, אויף „גאָטס-גאָס", נאָר ס'איז ווייט, ווייט פון דאנען. כ'האָב מורא, אויב ס'איז ניט די דריטע דירה פון בנציון דעם שוחט.

— זאָגט לאה און קוקט אין פענצטער. — אוי, אַ דונער האָט מיך דערשלאָגן! קום נאָר אהער, ישראָלי, וואָס זאָגסטו? די דריטע דירה פון בנציונען, ניט ווייט פון שול, איאָ?

ישראָלי קוקט זיך איין דורכן פענצטער:

— די דריטע דירה, זאָגסטו? כ׳האָב מורא, אויב ניט די צווייטע.

— פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן! ישראָלי, גיכער, טו זיך אָן. פאַרפאַלן די שול חלילה! וואָס וועלן מיר טאָן?... גיכער, ישראָלי, גיכער. נאָר נעם אויף זיך מיין פאַטשיילע, זאָלסט ניט פאַרקילן דעם האלדז. גיכער, גיכער! — — —

אויף ראַטעווען ביי אַ שריפה איז ישראָלי דער חזן איינער פון די ערשטע אין האָלענעשטי. אבי ער האָט נאָר פון עמעצן אַ הילף, אַן עמער וואַסער, אַ לייטער, אַ האַק, אַ שטריק, אָדער וואָס ניט איז, שפּרינגט ער אין פייער אריין, ממש מיט מסירת נפש. אזוי איז ישראָלי דוקא אַן איידעלע זאַך, אַ רוחניות, אַ פּליג. נאָר קומט צו אַ שריפה, ווערט ער אַ גבר, אַ העלד, אַ גיבור שבגיבורים. אויסשלאָגן צען שויבן און צעבלומיקן זיך די הענט — איז ביי אים בלאָטע. ארויפקלעטערן אויפן דאַך אויף דערהרגעט צו ווערן — איז ביי אים אַ גאָרנישט. לאה ווייסט דאָס. לאָזט זי אים נישט אליין. גייט זי אים נאָך, ובפרט איצט, אז ס׳איז אזוי נאָענט צו דער שול... — — — און לאָזט זיך גיין צו דער שריפה נישט מער אז אַ קוק טאָן, איין קוק, אַ האלבן קוק — און באַלד צוריק.

באַלד צוריק? — ס׳רעדט זיך נאָר אזוי, ווי קען מען אוועקגיין פון אַ שריפה, אז דאָס פייער קנאַקט און וואַרפט פון איין דאַך איבערן אנדערן? אמת, צו בנציון דעם שוחטס דירה איז נאָך גענוג ווייט, און צו דער שול אוודאי. ברענען ברענט דערוויילע אשר דער בעקער (וואו איז אָשר און וואו

איז די שול!). נו, אם כן? אשר דער בעקער איז קיין ייד ניט? אמת, אשר איז אליין שולדיק. מ׳האָט אים געזאָגט וויפיל מאָל, ער זאָל זיין געהיט מיט די לעזשנים און זאָל טרייסלען אביסל אָפּטער דעם קוימען, וואָרעם ס׳וועט אמאָל זיין דורך אים אן אומגליק. וואָס הערט א בעקער? האָט ער זיך דערשפּילט! כאַפּט דער גוטער יאָר דעם בעקער, זיין דירה איז שוין פאַרפאַלן. זי ברענט פון אלע זייטן, ברענט ווי א ליכט. וואָס טוט מען אָבער מיט די שכנים? ארום און ארום יידישע הייזער, מיט שטרוי און מיט שינדל און צו-נויפגערוקט אין איינעם. איין ווינטעלע א קליינם — אהא פּאַרטיק די גאנצע נאָס, „גאָטס-גאָס.“

און דער עולם האָט זיך א נעם געטאָן צו די הייזער, וואָס ארום אָשר דעם בעקער. געלאָפן נאָך עמערס, געבראָכט העק, געטראָגן שטריק, געשלעפּט לייטערס, און ישראָלי דער חזן איז ארויף צו משה-בער דעם קצב אויפן דאך, און פון דאָרטן געקאָמאנדעוועט, ווי א גענייטער בראנדמאַיאָר, מ׳זאָל אים געבן הילף, וואָרעם אָט נעמט זיך אָן דעם קצבס דירה, און נאָכן קצב גייט רב שמואל דער רב, און נאָך רב שמואל דעם רב גייט נח דער דיין, און נאָך נח דעם דיין גייט בנציון דער שוחט, און נאָך בנציון דעם שוחט גייט די שול — ניט אום-זיסט הייסט די דאָזיקע גאָס: — „גאָטס-גאָס“ . . .

צו גרוים איז אָבער געווען דער צונויפלויף מיטן גע-שריי, מיטן געפּילדער, מ׳זאָל האָרכן ישראָלי דעם חזנס קול פון משה-בער דעם קצבס דאך אראָפּ.

— ווי איז מיר! — האָט געשריגן צו אים די חזנטע לאה פון דער ווייטן און געמאַכט צו אים מיט די הענט. — וואָס טוסטו, גזלן? וואָס שרייסטו? דו וועסט זיך חלילה אָפּ-קוילען דעם האלדז אָן א מעסער, ס׳גייט צו ימים-נוראים! . . .

און ישראָלי דער חזן — אזוי ווי ער האָט געטראָפן.

מ׳האָט נאָך ניט צייט געהאט דאָס גאנצע ביסל אַרעמקייט אַרויסצוטראָגן פונעם קצבס שכנים, האָט דאָס פייער שוין נעגעבן א וואָרף אַריבער פון אַשר דעם בעקערס שטוב גלייך אויף משה-בער דעם קצבס דירה, און ס׳איז געוואָרן אַ נוואַלד צווישן עולם:

— דער חזן! דער חזן!...

(בלאָנדזשענדע שטערן)

# יידישע מידות:

יידישער „אַנטיסעמיטיזם"

אַריינמישן זיך

אָנזאָגן אַ בשורה

אָפּשנײַדן די נאָז

אָפּשפּרעכן אַ „גוט־אויג"

ביי אַ חתונה

געבן עצות

מעות־חטים

צושטעלן אַ בענקעלע

קוועטשן זיך

דער קאָפּ

ריידן

יידישער „אנטיסעמיטיזם“ :

קיין אומה ולשון, רעדט ניט אויף אונדז אזוי פיל שלעכטס, ווי מיר אליין. טויזנט מאָל א טאָג קענט איר הערן פון וואָסער א יידן איר ווילט אזעלכע מינים ווערטער : „א ייד איז דיר קיין קאטאָוועס ניט !“ „מיט יידן ווילט איר עפּעס מאכן ?“, מיט א יידן איז גוט קוגל עסן !“, „דאָס קען נאָר א ייד !“, „הערסטו, דערויף איז דאָך עס א יידוניו !“, „אוי, א ייד, א ייד !“, וכדומה אזעלכע שיינע אטעסטאציעס, קאָמפּלימענטן.

**(עולם הבא)**

אריינמישן זיך :

אריינמישן זיך אין יענעמס געשעפטן, זאָגן א דעה דאָרט, וואו מ׳פרעגט אים ניט, געבן אן עצה, ווען מ׳בעט אים ניט, קוקן, נאָכשפּורן, זען וואס ביי יענעם אין טעפּל קאָכט זיך, וכדומה — דאָס האָט ליב יעדער ייד ; אריינמישן זיך אָבער אין אזעלכע ענינים, וואס זענען נוגע אינעם נפש, טראָגן אויפן קאָפּ דעמס יינגל און יענעמס מיידל, געפינען פּאָר איטלעכן זיין גליכן, מזווג זיווגים זיין, ריידן א שידוך — דערויף, זעט איר, זענען נאָר די מאזעפּעווקער גרויסע בריהס, איינע אין דער וועלט. איטלעכער ייד איז דאָרטן א שדכן — ניט צוליב דאָס שדכנות-געלט חלילה ; שדכנות-געלט אז ס׳מאכט זיך — מהיכא-תיתי, ווער וואָרפט דאָס ארויס א זוי-

מיט קערבל? ס׳זענען אָבער דאָ אסך אַזעלכע, וואָס קלערן אפילו ניט פון רח״ש, זיי טוען דאָס בפירוש לשם-שמים: מ׳דערזעט א בחור מיט א בתולה, אן אלמן מיט אן אלמנה, א גרוש מיט א גרושה — פאלט תיכף אריין אין קאָפּ א גע-דאנק: „איי, וואָלט דאָס געווען גלייך! כ׳לעבן, א גלייכער שידוך״... און מ׳הויבט אָן באלד צו ארבעטן אין געשעפט, טאקע פון יענעמס טובה וועגן: ד ע ר אלמן פאסט צו יע-נעם מיידל, י ע נ ע ר בחור, נישקשה, מעג נעמען ד י גרושה, און ד ע ר גרוש איז פשוט אָנגעמאָסטן פאר י ע נ ע ר אלמנה. מ׳פוילט זיך ניט ביי אזעלכע עסקים, מ׳פארבוויגט אלע געשעפטן און מ׳גיט זיך אָפּ, מ׳לייגט זיך אריין און מ׳טוט אלע מעגלעכקייטן, אז דער שידוך זאָל זיין א שידוך, גלייך ווי ס׳איז זיי נוגע אין לעבן אָדער אין פרנסה.

(יאָסעלע סאָלאוויי)

אָנזאָגן א בשורה:

איז איינע פון די גרעסטע מצוות ביי יידן: ס׳טוט הנאה, קיינעם שאדט עס ניט און קיין געלט קאָסט דאָס ניט.

(אין שטורם)

אָפּשניידן די נאָז:

לאָז זיך איינער אָפּשניידן די נאָז, קענט איר זיכער זיין, אז אויף מאָרגן האָט איר דאָרט צוויי אָפּגעשניטענע נעזער. וואָס איז דער שכל? א פראָסטער שכל: א ז י ע נ ע ם לוינט זיך אָפּשניידן די נאָז, לוינט זיך מיר אויך...

(כתרילעוקער פראַגרעס)

אָפּשפּרעכן א „גוט-אויג״ :

אין טייך זאָל דאָס פאַלן, אין דער ערד זאָל דאָס זינקען,
אויף בוידעמס זאָל דאָס קלעטערן, אין וואַלד זאָל דאָס רוען,
נאָר אונדז און אונדזערע קינדער זאָל דאָס ניט שאַדטן.

(הײַנטיקע קינדער)

ביי א חתונה :

אַלע לויפן און מ׳ווייסט ניט וואוהין. מ׳קוועטשט זיך, מ׳שטופּט זיך, מ׳טרעט-אָן אויף מאַזאָליעס, מ׳צערייסט קליידלעך, מ׳שוויצט, מ׳זידלט די סאַרווערס מיט די שמשים, און זיי זידלען צוריק די מחותנים, און די מחותנים אַמפּערן זיך צווישן זיך — ס׳איז, ברוך השם, גאַנץ לעבעדיק!

(סטעמפּעניו)

געבן עצות :

ס׳ליגט שוין אזוי ביי אונדז אין דער נאַטור, ביי יידן הייסט דאָס, גוט צוקוקן זיך צו יענעם, אכטונג געבן, געפינען חסרונות און געבן עצות. למשל : צוגיין צו א ווילד-פרעמדן, בשעת ער דאַוונט, און צורעכט מאכן אים דעם „של-ראש״ פון די תפילין ; אָדער אָפּשטעלן אים בשעת ער לויפט און איז פאַרטראָגן, אז ס׳האָט זיך ביי אים, דאכט זיך, פאַרקאַטשעט א הויז, אָדער אָנווייזן יענעם מיטן פינגער, אז ער זאָל ניט ווייסן וואָס איר מיינט : צי די נאָז, צי די באָרד, צי וועלכע גוטע יאָר? אָדער צונעמען ביי יענעם פון די הענט, בשעת יענער מוטשעט זיך און וויל עפּעס עפענען, און זאָגן אים : איר קענט נישט, לאָזט מיך! אָדער אָפּשטעלן זיך, בשעת יענער בויעט א שטוב, און אויסזעצן אים א חיסרון, אז די סטעליע איז, דאכט זיך, צו הויך, די חדרים צו גראָם און די

פענצטער אומגעלומפערט ברייט, כאָטש נעם צעוואָרף די שטוב און שטעל זיך בויען נאָר איבער אַ נייס!...
(אויפן פידל)

מעות-חטים:

יעדער ייד איז מחויב אָדער געבן מעות-חטים, אָדער נעמען מעות-חטים...
(אַ פסחדיקע עקספּראָפּריאַציע)

צושטעלן אַ בענקעלע:

צושטעלן א בענקעלע — דאָס איז ניט נאָר א מצוה, דאָס איז אויך אַ חוב, וואָס יעדער ייד איז מחויב צו טאָן, ווארעם יעדער ייד האָט קינדער און קיינער קען נישט ערב זיין, וואס פון זיינע קינדער קען אמאָל אויסוואַקסן. באַדאַרף מען זיי גוט נאָכקוקן און העלפן כאָטש מיטן מויל, אויב מ'קען נישט מיט די הענט. דעריבער האָבן די קינדער גע-האָט אַסך מדריכים און אפּיטרופּסים און אָנגעהערט זיך אזוי פיל מוסר, שטראָף-רייד און מאָראַל, אז ס'האָט שטענדיק געזשומעט אין די אויערן: „זשו-זשו-זשו — דאָס זאָלסטו נישט טאָן!", „זשו-זשו-זשו — דאָ זאָלסטו נישט שטיין", „זשו-זשו-זשו — אהין זאָלסטו נישט גיין"! אַלע האָבן גע-זשוזשוקעט: טאַטע-מאַמע, שוועסטער און ברידער, דער רבי, די דינסטמויד, די פעטערס, די מומעס, די באָבע — — —
(פונעם יאריד)

קוועטשן זיך:

קוועטשן זיך איז א יידישע זאַך; אז קיינער קוועטשט זיי נים, קוועטשן זיי זיך אליין...
(אויסגעטרייסלט)

דער קאָפּ:

דער קאָפּ שפּילט ביי אונדז, יידן, די גרעסטע ראָלע, מער אלס אלע צוויי־הונדערט־אכט־און־פערציק אברים. א קאָפּ, א קעפּעלע! — אָט דאָס איז ביי אונדז דער עיקר אנטיק.

(סטעמפּעניו)

ריידן:

ריידן אלע אין איינעם איז א קונסט, וואָס נאָר מיר, יידן, באַזיצן דאָס.

(פיר זענען מיר געזעסן)

# יידישע פרנסות:

יידישע פרנסות:

מ׳נעמט, זאָגט ער, ראשית-חכמה, און מ׳טראָגט אריין א הונדערטער און מ׳הייסט זיך, זאָגט ער, קויפן א צען שטיקלעך — כ׳האָב שוין פארגעסן, ווי אזוי מ׳רופט דאָס — און מ׳ווארט צו עטלעכע טעג ביז עס הויבט זיך אויף. שלאָגט מען א דיפּעש ערגעץ אהין, מ׳זאָל דאָס פארקויפן און פארן געלט קויפן צוויי מאָל אזוי פיל; נאָכדעם הויבט זיך עס ווידער אמאָל, קלאפּט מען ווידער א דיפּעש; אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז עס ווערט, זאָגט ער, פונעם הונדערטער — צוויי, פון די צוויי — פיר, פון די פיר — אכט, פון די אכט — זעכצן, טאַקע ממש נסים ונפלאות!

פאראן, זאָגט ער, אין יעהופּעץ אזעלכע, וואס זענען ערשט אָט דאָ ניט לאנג ארומגעגאנגען אָן שטיוול, געווען מעקלער, באַהעלפערס, משרתים. היינט האָבן זיי אייגענע הייזער, מויערן, זייערע ווייבער האָבן צו טאָן מיט די מאָגנס — פאָרן קיין אויסלאַנד זיך היילן... און אליין פליען זיי ארום — — — אויף גומעלאַסטיקענע רעדלעך, פּו-פּא, — דערקענען שוין ניט קיין מענטשן!...

(א בוידעם)

...ער איז פון א חלפן ארויף אויף דער מדרגה פון א בעל-הלואה, און פון א בעל-הלואה — אויף א פעל-הענדלער; פון א פעל-הענדלער — א גראבבארטשיק; פון א גראבבאר-

משיח — א צעלניקער; פון א צעלניקער — א קאָמיסיאָנער; פון א קאָמיסיאָנער — אליין א סוחר, א צוקער־הענדלער, א גרויסער סוחר, א רייכער סוחר, ביז א באנקיר.

(סענדערל בלאנק)

יידישע געשעפטן זענען, ברוך השם, אומעטום אלצ־איינס, דאָס הייסט, הויבן זיי זיך אָן, דאכט זיך, גאנץ נישקשהדיק, מיט אזויפיל בטחון און גלענצנדע האָפנונגען, און אויסלאָזן לאָזן זיי זיך אויס, צום מיינסטן, מיט שלים־שלים־מזל. — — — און טאָמער וועט זיך געפינען איינער פון טויזנט, וואס די געשעפטן זיינע גייען אים דערוויי̇ל גוט, קאָן ער זיכער זיין, אז ס׳איז ניט אויף לאנג. אלץ, וואָס איז געבויט אויף לופט און אויף ווינט, מוז סוף־כל־סוף פאלן.

(מנחם־מענדל)

...א מוכר־תבואהניק!... וואס מ׳טוט און וואָס מ׳מאכט — איז שלים־שלים־מזל! האָט ער געהאנדלט מיט ווייץ, איז ווייץ געלעגן ניין איילן אין דער ערד. א חוץ וואס די ווייץ אליין האָט געטויגט אויף כפרות, איז ניט געווען קיין קונה אויף קיין ווייץ, כאָטש נעם די ווייץ און וואַרף אַרויס די ווייץ. זאָג איך אים: וואָס האָסטו זיך אָנגעקלעפּט אין ווייץ? זעסט דאָך, אז די ווייץ איז ניט קיין ווייץ; נעמט מען זאָג איך, און מ׳קויפט פּראָסע, און מ׳קויפט הירזש. גייט ער און קויפט הירזש. ווערט א זול אויף הירזש; אומעטום הירזש, וואו מ׳טוט זיך א וואָרף — איז הירזש און הירזש! צו וואָס האָט דיר געטויגט, זאָג איך, הירזש? הירזש גייט דיר אָפּ? זאָגט ער: האָסט דאָך מיר אליין געהייסן קויפן הירזש! האָב איך דען געמיינט, זאָג איך, דוקא הירזש?...

(צעזעעט און צעשפּרייט)

... ער האָט געלעבט, ווי ס׳לעבן אַסך טויזנטער, צענער טויזנטער יידן לעבן אין כתרילעווקע. געדרייט זיך אַרום אַ פּריץ, דאָס הייסט, נישט אַרום פּריץ אַליין, נאָר אַרום די פּריצים, וואס ביים פּריץ, און נישט אַרום די פּריצים גופא, נאָר אַרום די יידן, וואס דרייען זיך אַרום די פּריצים, וואָס ביים פּריץ.

(שוין איינמאָל אַ סוכה)

ווי איר קוקט מיך אָן, האנדל איך מיט וואַלד, מיט איי-נעם אַ שותף, וואס מיר האקן אים, און שטעל-צו פּראָוויאַנט אין דער טורמע, און האָב אַ חלק אין דער טאַקסע, און דער-לייג דוקא אַלע יאָר צו איר געלט, איר וואָלט זיך עס ווינטשע-וועו פאַרדינען אַלע חודש, איך בין אייך קיין שונא ניט. איי, צו וואָס דאַרף איך זי? קהל אויף צו-להכעיס! כ׳בין, ווי איר זעט מיך, אַ גרויסער בעל-נצחון: ביי מיר, צוליב נצחון, איז כדאי די גאַנצע שטאָט זאָל גיין צו-גרונט און אַליין באַ-גראָבן ווערן — אַבי אויספירן מיינס!

(ביים דאָקטאָר)

... אַ חוץ וואָס ער דינט אין דער דרוק, איז ער אַ מעק-לער פון ספרים, אַ גייער אויף מנינים, אַ שיקער פון חברות, אַ זאָגער פון תהילים, אַ שלאָגער פון מלקות, אַ בלאָזער פון שופר און אַז ס׳מאַכט זיך, חס ושלום, אַן אומגליק, אַ נוטה-למות, שטעלט ער צונויף אַ „יענד״ — און נאָך כדומה אזעל-כע פּרנסות לרוב. נאָר האָט קיין מורא ניט — זיין יידענע זיצט אויך ניט ליידיק: פלעכט הבדלות און פאַרקויפט באָ-בעס, און — שדים וויסן אים — פאַרט אַ קבצן!

(דער יום־טובדיקער צימעס)

חלומות:

א ריח פון פריש ברויט... אן אראמאט פון געפילטע פיש מיט ציבעלעס און מיט פעפער... גאנצע לונג-און-לע־בערס נאר וואס פון דער יאטקע... נייע שמעקנדיקע שיך פונעם שוסטער... גאנצע הויזן פונעם שניידער... א גרוי־סער מארק... א יאריד... קונים אסך... פדיון... פרנסה...

(שמואל שמעלקים)

א געשפרעך:

— וואס איז אייער מלאכה? — מאכט ער צו מיר.

— מיין מלאכה? — זאג איך — מיין טאטע איז ניט געווען קיין בעל-מלאכה, איך בין נישט קיין בעל־מלאכה, און מיינע קינדער וועלן ניט זיין קיין בעלי־מלאכות, אם ירצה השם, מיט גאטס הילף.

— וואס זשע דען זענט איר?

— וואס זשע דען בין איך? א ייד בין איך.

— איך מיין, — זאגט ער — וואס איז אייער טועכץ? מיט וואס באשעפטיקט איר זיך? פון וואס לעבט איר?

— פון וואס איך לעב? — זאג איך — פון וואס גאט גיט, פונעם ווינט לעבט מען.

— וואס הייסט, — זאגט ער — פונעם ווינט?

— אט דאס הייסט — זאג איך — מ׳דרייט זיך ארום מיטן שטעקל אין מארק, טאמער וועט גאט צושיקן דאס, יענעס, לאקש, בוידעס, ציבעלעס — גאט פירט אויס...

— און טאן, הייסט דאס, טוט איר גארנישט?

— וואס הייסט — זאג איך — גארנישט? מ׳טוט אלצ־דינג, וואס מ׳קען...

— וואָס זשע קענט איר?

— אָט וועל איך דיר באַלד — זאָג איך — גיין דערציילן וואָס איך קען...

(משוגעים)

## א „זשאָרנע“:

...נאָך א מעלה האָט געהאַט רודערמאַן דער מלמד — ער האָט געהאַלטן א „זשאָרנע“, אזא מאַשין אויף צו „רייסן“ גרויפּן. די מאַשין האָט געהאַט א ראָד מיט א הענטל, און פון אויבן איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ א זאַק מיט רעטשקע, פונעם דרייען די ראָד האָבן זיך די רעטשקע פּאַוואָלינקע געשאָטן אין יאַשטשיק אריין, פונעם יאַשטשיק זענען זיי פּאַוואָלינקע געפאַלן אויפן שטיין, דער שטיין האָט זיי פּאַוואָלינקע געריבן, אָפּגעשיילט די שאָלעכץ און געמאַכט פון די רעטשקע — גרויפּן. אָט דאָס האָט געהייסן א „זשאָרנע“.

פאַרשטייט זיך, אז דער גאַנצער אַנטיק פון דער „זשאָרנע“ איז געלעגן אינעם דרייען. וואָס מער מ׳דרייט, מער שיטן זיך די גרויפּן. און בעלנים אויף דרייען זענען געווען אַסך, כמעט אַלע תּלמידים. יעדער וויל קומען צו-הילף דעם רבּין משה-דוד, וואָס קען נישט לעבן פון מלמדות אליין און מוז נעבעך אָנקומען צו זייטיקע פּרנסות:

ע ר רייסט גרויפּן, ז י באַקט לעקעך. ביים באַקן לעקעך, מיינט איר, איז שוין גאָר נישטאָ וואָס צו טאָן? ס׳איז אַסך דאָ וואָס צו טאָן! און דאָ קענען אויך די קינדער צוהעלפן. ניט אזוי ביים באַקן, ווי ביים „אויספּאַטשן“. קאָרענעם האָניק-לעקעך באַדאַרף מען פּאַטשן, לאַנג פּאַטשן, מיט ביידע הענט, ביז ער ציט זיך ווי א האָניקטייג קען זיך ציען. און ווער נאָך קען אזוי פּאַטשן, ווי א חדר-יינגל? בעלנים

פּאַטשערס צווישן חדר-ייִנגלעך זענען דאָ אַזויפיל, אַז מ׳שלאָגט זיך אַזש פאַרן פּאַטשן. יעדער וויל פריער.

(פונעם יאריד)

אַ מילנער:

...בין, אַז אָך און ווײ איז מיר, אַ ייד אַ מילנער, כ׳האַלט אַ מיל האַלט איך, דאָס הייסט, די מיל האַלט מיך, וואָרעם, ווי זאָגט איר, אַז מ׳קריכט-אַריין, ליגט מען. אַ ברירה האָט מען? ס׳איז אַ ראָד, פאַרשטייט איר מיך און ס׳דרייט זיך! באַרעכנט זיך אַליין, אַז פאַר ווייץ באַדאַרף מען צאָלן מיט מזומנים, און מעל מוז מען צעטיילן אויף קרעדיט, אַ וועקסל אַהין, אַ וועקסל אַהער און צו טאָן האָט מען מיט גראָבע נפשות און מיט ווייבער. איר האָט עפּעס ליב ווייבער? גיי גיב זיי אָפּ דין וחשבון: למאי דאָס, למאי יענעס? למאי ס׳איז ניט געראָטן ביי זיי די חלה? וואָס בין איך שולדיק? אפשר, זאָג איך, איז ביי אייך ווייניק הייץ? אָדער אפשר איז ביי אייך געווען שלעכטע הייוון? אפשר איז ביי אייך געווען, זאָג איך, נאָס האָלץ? פאַלט מען נאָך אָן אויף אייך און מ׳מאַכט אייך מיט דער בלאָטע און מ׳איז אייך מבטיח, אַז דאָס אַנדערע מאָל וועט אייך פליען די חלה אין קאָפּ אַריין... איר האָט עפּעס ליב, אַז ס׳פליט אַ חלה אין קאָפּ אַריין? דאָס זענען די קונהטעס די לאַחדימניצעס. נאָר איר מיינט אודאי, די קונים די הורטאָווניקעס זענען בעסער? אויך ניט בעסער! לכתחילה, אַז דער קונה קומט אין מיל אַריין און וויל זיך מאַכן אַ קרעדיט, איז ער ווייך ווי אַ פּוטער, מיט טויזנט חניפלעך און קאָמפּלימענטן, כאָטש נעם לייג אים צו צו אַ מכה; און נאָכדעם, אַז ס׳קומט צו צאָלן, הויבט זיך אָן אַ צעטל פון טענות: דער טראַנספּאָרט איז אים שפּעט אָנגעקומען, די זעק האָבן זיך צעריסן, די מעל איז גע-

ווען ביטער, טוכלע, צוגעלעגערט הייסט עס. צרות מיט שלעק — אכצן חסרונות מיט זיבן און צוואנציק תירוצים! „און געלט?" „געלט, זאָגט ער, שיקט-אריין אַ חשבון!" אַ האַלבער סילוק, הייסט דאָס. שיקט מען אים מאָנען, זאָגט ער: „מאָרגן". מאָרגן — „איבערמאָרגן". אַ נעכטיקער טאָג! הויבט מען אים אָן סטראַשן מיט אַ פּראָטעסט און מ׳גיט אויף אים איין. נו, אַז מען גיט שוין איין, מיינט איר, איז וואָס? האָט מען אַ „ליסט", און אַז מ׳קומט מיטן „ליסט" איבערשרייבן, איז במילא אַלצדינג אויף דעם ווייבס נאָמען, און גיי רוף אים קנאַקניסל!

(ביים דאָקטאָר)

פאַרדינען אויף שבת:

פאַרדינען אויף שבת — דאָס איז זייער אידעאַל. אַ גאַנצע וואָך וועלן זיי אייך אַרבעטן, מיט בלוטיקן שווייס האָ-רעוועץ, פאַרשוואַרצט ווערן, קייען די ערד, עסן מכות, טרינ-קען קדחת, אבי ס׳זאָל זיין אויף שבת. — — — מ׳זאָגט — און דאָס זאָל זיין אַ פאַקט, — אַז זינט כתרילעווקע איז אַ שטאָט האָט זיך נאָך נישט געטראָפן, אַז אַ ייד זאָל דאַרטן שבת חלילה דאַרפן הונגערן. וואָרעם ווי געשיקט זיך עס, אַז אַ ייד זאָל ניט האָבן קיין פיש אויף שבת? האָט ער ניט קיין פיש, האָט ער פלייש; האָט ער ניט קיין פלייש, האָט ער הערינג; האָט ער ניט קיין הערינג, האָט ער חלה; האָט ער ניט קיין חלה, האָט ער ברויט מיט ציבעלע; האָט ער ניט קיין ברויט מיט ציבעלע, לייט ער ביים שכן; איבעראַכטאָג שבת וועט דער שכן לייען ביי אים...

(די שטאָט פון די קליינע מענטשעלעך)

אַ מלמד:

אַ ייד, וואָס האַנדלט מיט גויים...

(שלום־עליכם בוך)

„טאַרהאַוויצע“:

אַ מאַרק אָדער אַ מין יאַריד אַזעלכער, וואו אַלץ איז אויסגעמישט אין איינעם: גויים און פערד, און בהמות, און חזירים, און ציגיינער, און וועגן, און רעדער, און כאָמאָטעס, און יידן פון כל המינים: יידן מיט פעלכלעך, יידן מיט היט־לען, יידן מיט „קראַסנע“ סחורה, יידן מיט בולקעס, מיט אייערבייגל, מיט קיכלעך, מיט עפּלקוואַס און מיט וואָס איר ווילט. היינט ווייבער! ווייבער מיט קאָשיקעס, ווייבער מיט עפּעלעך, און ווייבער מיט עופות, און ווייבער מיט געפּרע־געלטע פיש, און גלאַט ווייבער. און דאָס אַלץ רעדט און קווי־טשעט און גראַגערט. און די פערד מיט די בהמות מיט די חזירים העלפן־אונטער. און די בעטלערס זינגען און שפּילן אויף דער לירע — מ׳קען טויב ווערן. און אַ שטויב שטייט אַזעלכער, וואָס מ׳זעט קוים איינס דאָס אַנדערע. און ריחות אַזעלכע, אַז מ׳קען דערשטיקט ווערן.

(פונעם יאַריד)

דער מאַרק:

ער איז ברייט און פּוסט. די קלייטן מיט די רויטע פאַר־טיכלעך זענען אָפן, און די ווייבער זיצן אויף פירעקעכדיקע ביינקלעך און אַרבעטן אַ זאָק מיט אַ שרעקלעכער געשווינד־קייט. ביי דער זייט שטייען מולטורלעך מיט יאַגעדעס, מיט קיכלעך און מיט קאַרזשיקלעך, און אַ ציג גנבעט זיך אונטער און האָט חשק צו מאַכן אַ שטיקל אומגליק, נאָר מ׳דערלאָזט ניט. ווייט־ווייט גייען אַ פּאָר אָקסן מיט אַ גרויסער פור סנאָ־

פעם קאָרן ; די פור מאכט אָן א מוראדיקן פּאָראָך ארום זיך, און הינטן גייט־נאָך א קליין שייגעצל מיט א גרויס ווארעם היטל, מיט א טאָרבע, מיט א לאנגער בייטש און באָרוועס, און א גרויסער הונט לויפט אים נאָך מיט אן ארויסגעשטעל־טער צונג.

(סטעמפעניו)

יאַריד :

פאראַן דרייערליי יארידים :

1) גוטער — אז איך פארדין, יענער דערלייגט.
2) מיטלמעסיקער — מיר ביידע פארדינען.
3) שלעכטער — יענער פארדינט, איך דערלייג.

(שלום־עליכם בוך)

# וועלט און מענטשן:

די וועלט
לעבן
אַדוואָקאַטן
אַרבעט
געלט
קאַפּיטאַל
קבצן
אָרעמעלייט
אָרעמאַנס קינדער
שטודירן
דלות
שמאַלץ־גרוב
נגידים
עם־הארץ
מענטשן
אַ ליבע
ווייבער
בעלצי
אַ מיידל
אַ באַלעבאָסטע
וויין
כבוד
מוסרים
קיבעצן
שווייגן
„שטיל־לעבן"

די וועלט:

דער מאטעמאטיקער זאָגט, אז די גאנצע וועלט איז געגליכן צו א ראָד, דער טויט איז דער צענטער, און מיר, מענטשן, זענען נישט מער ווי אומגלייכע ראדיוסן, וואָס שפּארן זיך אָן אלע אויף איין פּונקט...

דער זייגערמאכער זאָגט, אז די גאנצע וועלט איז געגליכן צו א ציפערבלאַט, די ווייזערס — דאָס איז אונדזער לעבן, דער אומרו — דאָס זיינען מיר, און אז די וואָג פאַלט אראָפּ — איז אונדזער לעצטע היסטאָריע...

דער שוסטער זאָגט, אז די וועלט איז געגליכן, להבדיל, צו א באָליוועס, און דער מענטש איז דער האמער...

דער באלעגאָלע זאָגט, אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געוואָרן נאָר צוליב דעם באלעגאָלע; איי, וואָס דרייען זיך דאָ ארום אזויפיל מענטשן? דאָס, זאָגט ער, זענען אונדזערע פּארשוינען, פון וועלכע מיר האָבן פּרנסה...

(סענדער בלאנק)

לעבן:

א דראמע פאר א קלוגן, א שפּילעכל פאר א נאר, א קאָמעדיע פאר א גביר, א טראגעדיע פאר א קבצן...

(שלום-עליכם בוך)

אַדוואָקאַטן :

אַדוואָקאַטן זענען פּונקט ווי די דאָקטוירים : וואָס איי-נער זאָגט, זאָגט דער אַנדערער קאַפּויר...

(פינף־און־זיבעציק טויזנט)

אַנטיקלעך :

די אַנטיקלעך, וואָס מ׳שטעלט אַרויס אין די פענצטער, איז ווי איינער רעדט : מיט די אויגן נאַ, זע, קוק, וויפיל דו ווילסט, נאָר מיט די הענט — אַזאַס!...

(אַ בוידעם)

אַרבעט :

אומזיסט איז נישטאָ! דו, בהמה, ווילסט זיך פרעסן — איז מעלק זיך, גיב מילך, זיי מפרנס אַ ייד מיט ווייב און קינ-דערלעך! דו, פערדל, ווילסט קייען — לויף אַלעמאָל הין און צוריק מיט די טעפּלעך קיין בויבעריק! און דעסגלייכן דו, מענטש, להבדיל, ווילסטו אַ שטיקל ברויט — גיי, האָרעווע, מעלק די בהמות, טראָג זיך מיט די קריגעלעך, שלאָג פּוטער, מאַך קעז, שפּאַן דאָס פערדל און שלעפּ זיך אַלע פרימאָרגן קיין בויבעריק אויף די דאַטשעס, נויג זיך און בוק זיך צו די יעהופּעצער גבירים, שמייכל צו זיי, חנפע זיי, קריך זיי איט-לעכן באַזונדער אין דער נשמה, גיב אַכטונג, זיי זאָלן זיין צו-פרידן, חלילה נישט אָנרירן זיי אין כבוד...

איי, בלייבט דאָך אַ קשיא : מה נשתנה? — וואו שטייט דאָס געשריבן, אַז טביה באַדאַרף האָרעווען פון זייערטוועגן, אויפשטיין גאַנץ פרי, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, וואָס איז? בכדי זיי זאָלן האָבן פּונקט צו דער קאַווע אַ פריש שטיקל קעז און פּוטער? וואו שטייט דאָס געשריבן, אַז איך בין

מחויב אויסגעריסן ווערן צוליב א שיטערן קרופניק, א קאַליש מיט גרויפּן, און זיי, די יעהופּעצער נגידים, באַדאַרפן אויס־רוען די ביינער אויף די דאַטשעס, נישט טאָן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער און עסן דוקא געבראָטענע קאָטשקעלעך, און דוקא גוטע קנישעס, מלינצעס מיט ווערטוטן? בין איך דען נישט אַזאַ ייד, ווי זיי? וואָלט דען נישט געווען קיין יושר, כ׳לעבן, אַז טביה זאָל זיך אָוועקזעצן כאָטש איין זומער אויף אַ דאַטשע?

איי, וואו ועט מען נעמען קעז און פּוטער?
ווער וועט מעלקן די בהמות?
— טאָקע זיי, די יעהופּעצער סטיקראַטן, מיין איך!...
(היינטיקע קינדער)

געלט:

געלט איז אַ שחיטה פאַר דער וועלט...
(חאַדל)

קאַפּיטאַל:

ביי קאַרל מאַרקס אויף פּאַפּיר, ביי בראָדסקין אין קאַסע...
(שלום־עליכם בוך)

קבצן:

ווען גאָט זאָל ליב האָבן אַ קבצן, וואָלט אַ קבצן קיין קבצן נישט געווען...
(חאַדל)

אָרעמעלייט:

פאַראַן אַ געמיינער מאַן, און אַן אָרעמאַן, און נעבעך אַן אָרעמאַן, און אַ גרויסער אָרעמאַן, און אַ געפאַלענער, אַ מקבל,

א קבצן, א דלות, א דלפן, אן עני, און אן עני ואביון. איט-לעכער פון די דאָזיקע אויסגערעכנטע נעמען ווערט אַרויס-געדערט מיט אן אנדער מין ניגון... און פאַראַן נאָך א נאָ-מען: א כתריאל אָדער כתריאליס.

(די שטאָט פון די קליינע מענטשעלעך)

אָרעמאַנס קינדער:

ביי אן אָרעמאַן קינדער עסן, קיין עין-הרע, געשמאַק אַלצדינג, וואָס מ׳גיט זיי, און זענען קיינמאָל נישט זאַט, כ׳ווייס עס פון זיך זעלבסט. לאָזן זיי זיין געזונט, די קינדער מיינע, אז זיי קומען פון חדר, קיין עין-הרע נישט, קיין בייז אויג זאָל זיי נישט שאַדטן — איידער מ׳קוקט זיך אַרום, שטאַרבט א ברויט און פון א טאָפּ קאַרטאָפליעס בלייבט נישט איבער, איר זאָלט זאָגן, אויף א רפואה! און קומט שבת מוז מען אויסטיילן חלה, ווי לעקעך, און דאָס איבעריקע פאַר-שליסן, וואָרעם ס׳וועט נישט בלייבן אויף מאָרגן קיין זכר אפילו.

(געגנדז)

שטודירן:

אַלע ווילן שטודירן. פרעגט זיי: וואָס שטודירן? ווער שטודירן? זאָלן אזוי ציגן וויסן אין פרעמדע גערטנער שפּרינגען! אז בסך-הכל לאָזט מען זיי דאָך גאָרניט צו, ווי זאָגט ער: אל תשלח ידך — א קאָטע פון דער פוטער!... זאָלט איר זען פונדעסטוועגן, ווי מ׳לערנט! און ווער? באַל-מעלאָכישע קינדער. פון שניידערס, פון שוסטערס, גאָט זאָל מיר העלפן בכל אשר אפנה! מ׳לאָזט זיך אוועק קיין יע-הופּעץ, אָדער קיין אָדעס, מ׳וואַלגערט זיך אויס אויף אַלע בוידעמס, עסן עסט מען מכות מיט בכורות, און פאַרבייסן

פארבייסט מען מיט קדחת, גאנצע חדשים דורכאנאנד קוקט מען גישט אָן קיין שטיקל פלייש אין די אויגן, מ׳ליינט זיך צוגויף זעקס פארשווינדלעך אויף איין בולקע מיט א הערינג און ושמחת בחגך — הוליע קבצן!...

(חאַדל)

דלות:

דער דלות האָט שוין אזא טבע, אז קוים כאַפּט ער זיך אריין צו איינעם, איז קודם-כל לייגט ער זיך ביי אים אויפן קאפּעליוש און אויף די שפּיץ-שטיוול, און נאָכדעם פאר-קלויבט ער זיך צו אים אין בייטל אריין, רייניקט-אויס פון דאָרטן וואו ערגעץ א מטבע אן אלטע, אן אָפּגעריבענע, לאָזט איבער א צוויי קנעפּלעך מיט א „רעצעפּים" פון דער פּאָסט און רייבט אוים א לעכל, אז טאָמער ווערט זיך מאכן אמאָל א מטבע, זאָל זי אויך ארויסקריכן.

(די פריילעכע קאָמפּאני)

אמאָל האָט זיך עס געוואלגערט אין מיסט, היינט גייט עס אין סאמעט...

(שלום עליכם בוך)

שמאלץ-גרוב:

די שמאלץ רינט אויס, די גרוב בלייבט איבער...

(היינטיקע קינדער)

נגידים:

א גביר, אז ער זאָגט נאָר א גוט וואָרט אליין, אָן געלט, איז מען שוין צופרידן: „דער גביר האָט גערעדט, דער גביר האָט געזאָגט, דער גביר האָט גענומען ביים שמש א שמעק

טאַבאַקע און האָט אַ ניט געטאָן, צו געזונט זאָל אים זיין, צו לאַנגע יאָר!"

(משוגעים)

נגידים מאַכן זיך לוסטיק איבער אַן אָרעמאַן, אַ שלים-מזל, נאָכן עסן, אַז ס'איז גוט אויפן האַרצן און אין דרויסן איז שיין און היים און גרין, און ס'גלוסט זיך דרימלען...

(חות)

מיר געווינטלעכע בשר ודמס, זענען אַלע מאָל זייער נייגעריק צו וויסן דווקא ו ו אָ ס אין די הויכע פענצטער טוט זיך, ווי אַזוי לעבט מען ביי די נגידים, ווי אַזוי עסט מען דאָרט, ווי אַזוי טרינקט מען? און אַ מיליאָנערסקעס אַריס-טאָקראַטישע חתונה האָט פאַר אונדז גאָר אַ באַזונדערן אינ-טערעס, כאָטש אַז מ'וויל שמועסן אין תוך אַריין — וואָס האָבן מיר דערפון? גאָרנישט מיט גאָרנישט...

(זומערדיקע ראָמאַנען)

פאַראַן אַלערליי נגידים. פאַראַן אַ נגיד, וואָס עסט אויפן שפּיץ מעסער, ווי אַ פייגעלע, און פאַראַן, איך בעט איבער אייער כבוד, נגידים חזירים, וואָס וויפיל זיי עסן, איז זיי קאַרג.

(דאָס גרויסע געווינס)

די נגידים זענען ניט קיין נאַראָנים. זיי האָבן ליב אַלצ-דינג אין דער וואָכן דאָס, וואָס מיר (קבצנים) האָבן ליב אום שבת...

(דער יום־טובדיקער צימעס)

דער נגיד האָט גליק צו אַלצדינג; לאַ-די וואָס ער איז רייך און קען זיך אָנטאָן „כל הפארגעניגן“ אין דער וועלט, איז ער תמיד צווישן אַ מחנה משרתים, וואָס זענען גרייט אים צו באַדינען אומזיסט, מיינענדיק, טאָמער וועט זיי עפּעס אַרויסקומען אַ טובה דורך דעם. די נגידים, זעענדיק פאַר זיך אַזוי פיל משרתים, מיינען, אַז ס׳קומט זיי, מ׳זאָל זיי באַדינען איטלעכער באַזונדער, מסתמא זענען זיי דאָס ווערט, און דערפאַר קוקן זיי אויף דעם גאַנצן עולם אַביסל פון דער הויך, אַזוי ווי ס׳באַדאַרף צו קוקן אַ פּריץ אויף זיינע קנעכט.

(יאָסעלע סאָלאָוויי)

אַז מ׳האָט געלט, איז מען דאָך אי קלוג, אי שיין, אי מ׳קען זינגען.

(עולם הבא)

עם הארץ:

אַ גראָבן-יונג האָב איך פיינט, ווי חזיר! ביי מיר אָן עם-הארץ איז ערגער טויזנט מאָל פון אַ הולטיי: איר מעגט אייך גיין אָן אַ היטל און אפילו מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף, אַבי איר ווייסט וואָס רש״י מאַכט, זענט איר שוין פון מיינע לייט...

(האָדל)

מענטשן:

מענטשן זענען זיך טועה ניט דערפאַר וואָס זיי ווייסן ניט און דערפאַר וואָס זיי מיינען אַז זיי ווייסן, נאָר דערפאַר וואָס זיי מיינען אַז יענע ווייסן ניט.

(יידישע פאָלקס-צייטונג)

אַ מענטש איז אַ טשיסטשע בהמה. ער פאַרגעסט, אַז ווי-
פיל ער זאָל ניט לעבן, מוז ער אמאָל שטאַרבן...

(סביח פאַרט קיין א״י)

יעדער מענטש, וויפיל ער זאָל ניט רעדן, מוז ער אמאָל
אויפהערן...

(צוויי שלחמנותן)

אַ לייטישער מענטש, אַ מענטש, אַ פיינער מענטש, אַ
געשטעלטער מענטש, אַ בארוטער מענטש, אַ מענטש, וואס
ס׳הייסט — מענטש, וואָס מ׳קען אויף אים זאָגן מענטש, מיט
איינעם וואָרט — אַ מענטש!...

(סענדער בלאַנק)

פאַראַן מענטשן אַזעלכע, וואָס מ׳קאָן זיי ניט באַדערן
בשום אופן. איר וואָלט זיי געבאַדערט — לאָזן זיי זיך ניט.
און פאַראַן ווידער מענטשן אַזעלכע, וואָס איר קענט זיי
אַרויפקריכן גלייך אויפן קאָפּ, נישט מיט אמאָל, ביסלעכ-
ווייז: פריער אויפן שוים, דערנאָך אויפן קאָפּ און דערנאָך
מיט די טיפע קאַלאָשן אין האַרצן אַריין אויף אַ גאַנצן ווינטער.

(אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט)

ס׳איז אסך געזינטער, אַז מען זאָגט אויף אַ מענטשן,
אַז ער וואָלט געקענט זיין, איידער, אַז ער איז שוין, וואָרעם
אַז יענער איז שוין, איז ער שוין, און דער וואָס איז נאָך ניט,
קען נאָך זיין: ער האָט ביד, הייסט דאָס...

(וועלוועל גאַמבעטאַ)

די וועלט האָט פיינט אַ מענטשן וואָס שווייגט: די וועלט
האָט ליב אַ מענטשן וואָס רעדט, בפרט אַן אדוואָקאַט באַ-

דאַרף זיך לאָזן ריידן. וואָס דאַרפט איר אַן אַדוואָקאַט — אַפילו אַ דאָקטאָר, דאַכט זיך אין פּלוג, וואָס קערט זיך אָן אַ צונג מיט אַ דאָקטאָר? פונדעסטוועגן איז אויך איינגענעמען, אַז ער לאָזט זיך ריידן...

(וועלוועל גאַמבעטאַ)

נישטאָ קיין ערגערס אויף דער וועלט, ווי אַז איר זידלט אַ מענטשן, מאַכט אים מיט דער בלאָטע גלייך, און ער שווייגט. אין אייך ווערט די גאַל צעפּיקעט, און יענער זיצט און שמייכלט...

(חוה)

פאַראַן אַלערליי מענטשן אויף דער וועלט: פאַראַן אַ מענטש אַ בהמה, פאַראַן אַ מענטש אַ פערד און פאַראַן אַ מענטש אַ הונט, אַ מענטש אַ חזיר און פאַראַן אַ מענטש אַ וואָרעם.

(קבר אבות)

אַ מענטש איז געגליכן צו אַ סטאָליאַר: אַ סטאָליאַר לעבט און לעבט און שטאַרבט, און אַ מענטש לעבט און שטאַרבט...

(אַ בוידעם)

אַלע מענטשן ווערן איינגעטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס: פאַרכעס און פאַרכעס. האָט איר קיין געלט ניט, זענט איר דאָך גלאַט אַ פאַרך; האָט איר געלט, — זענט איר אודאי אַ פאַרך, וואָרעם אַז ניט, וואָלט איר דאָך קיין געלט ניט גע-האַט...

(די רויטע יידעלעך)

אַ מענטש קאָן ווינציק-וואָס הנאה האָבן, אז מ׳זאָל אים נאָכגיין כסדר, אומעטום, פיס-טריט, אָפּבלאָזן יעדן אָרט, וואו ער שטעלט א פוס, ציילן זיינע טריט, אכטונג געבן אויף יעדן ביסן, אויף יעדן שלונג, הענגען איבער אים, ווען ער זיצט, זיצן איבער אים, ווען ער שלאָפט — מיט איינעם וואָרט: מ׳זאָל האלטן זיין לעבן אינגאנצן אין פרעמדע הענט און אים ניט איבערלאָזן גאָרנישט...

(סטעמפעניו)

מענטשן בכלל האָבן זיך ליב פון דער וויטן.

(די ערשטע קאָטונע)

אַ מענטש וואס שטייט איינגעבויגן, אָדער אויסגעצויגן ווי א סטרונע, דער וועט שטיין לאנג...

(יידישע פאָלקס-ציישונג)

אַ פערד אויף פיר פיס, ספּאָטיקעט זיך, ובפרט א מענטש מיט איין צונג...

(דאָס גרויסע געווינס)

א היינטוועלטיקער לייטישער מענטש, אז ער טוט אַן עולה, באהאלט ער זיך ניט פאר קיינעם, און האָט קיין חרטה ניט׳ טאָמער ווייסט דערפון די גאנצע וועלט.

(יידישע פאָלקס-ציישונג)

א מענטש מאכט זיך גרוים זיין פארמעגן פונקט אויף אזוי פיל, ווי ער פארקלענערט דאָס ביי יענעם...

(יידישע פאָלקס-ציישונג)

א ליבע:

אין שטוב איז געווען נאָר איין אסתר. זי איז געשטאַ-נען ביים פּריפּעטשיק, צעלייגט א פּייער און געקאָכט צי-קאָריע אויף אָנבייסן. דערזעענדיק יאָסעלען, האָט זי אַראָפּ-געלאָזט די ארבל, וואס זענען איר געווען פאַרקאַטשעט ביז די עלנבויגנס, אַרויסבאַווייזנדיק אירע שיינע, ווייסע הענט און דאָס פּנים איז איר געווען פאַרפלאַמט פונעם פייער. די האָר זענען איר געווען צעפלאָכטן, צעוואָרפן אויף די אקסלען און ווי ס'איז צונויפגענומען פון אונטן און אונטער-געשטעקט מיט א האָרנאָדל און דאָס האָט איר צוגעגעבן נאָך מער חן. דאָס ווייסע פאַרטיכל האָט אויף איר געשעמערירט, צוגעבנדיק נאָך מער ליכטיקייט צו איר ליכטיק-שיינענדיק פּנים. די הענט האָט זי צונויפגעלייגט אויפן הארצן און קוקנדיק אזוי פאַרטראַכט אויפן פייער, האָט זי אויסגעהערט יאָסעלעס רייד, וואס ער האָט גערעדט איבער איר גאָר אָן אן אויפהער. — — —

אסתר האָט געפילט, אז ס'ברענט איר דאָס פּנים, און האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן. שפּעטער, אז זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, האָבן זיי זיך ביידע גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, שוין פאַרשפּאָרט איבעריקע רייד.

(יאָסעלע סאלאווײ)

ווייבער:

ווייבער זענען דערויף באַשאַפן געוואָרן, אז זיי זאָלן ווײ-נען, ווען מיר ליגן שלאָף, און פרייען זיך און אַרומטאַנצן ארום אונדז, ווען מיר הויבן-אָן געזונט ווערן.

(סענדער בלאַנק)

אַ יידענע אז זי וויינט, מוז זי באלד אָנהויבן שנייצן די נאָז; און אַ מאנסביל אז ער וויל אפילו וויינען, קאָן ער מאכן אזוי, אז מ׳זאָל מיינען, אז ער לאַכט...

(אַ וויגרישנע בילעט)

בעלצי:

אויגעלעך — שווארצע קארשן, בעקעלעך — רויטע פלוימען, צייגדלעך — ווייסע פערעלעך, אַ נעזל — אויסגע-טאָקט, אַ העלדזל — עלפנביין.

(מארינבאד)

אַ מיידל:

אַ פנימל — בלוט און מילך, בעקלעך צוויי — נאָר פאמפעשקעלעך, אויגן — קארשן צוויי, האָר — זייד, ציין — פערל, אַ האלדז — אלבאסטער, אַ הענטל — אויף אויסצו-קושן יעדעס גליד, דאָס אויבערשטע ליפּל קוקט ארויף, ווי ביי אַ קליין קינד.

(יוסף)

אַ באַלעבאָסטע:

פון גארניט בראָקט זי לאָקשן, פון פינגער קאָכט זי זא-טירקעס, מיט ניסים מאכט זי שבת און מיט בוכענצים ליינט זי קינדער שלאָפן...

(דאָס גרויסע געווינס)

ווײַן:

יעדער ווײַן, בשעת ער איז נאָך ווײַן, האָט ער אין זיך אי אַ מתיקות, אי אַ זיסקייט, אי אַ וויינינגקייט. די מתיקות גופא האָט אויך אין זיך אַ וויינינגקייט, און די וויינינגקייט האָט אין זיך אַ זיסקייט... יאָ, איז אז ס׳קומט זיך צונויף די

זיסקייט פונעם וויינינקייט און די וויינינקייט פונעם זיסקייט, קומט שוין דערפון ארויס א זיס-וויינינקייט אָדער א וויניג-זיסקייט. דערפאר קאָן עס שוין ניט האָבן אין זיך דאָס — ממשות, דעם רעכטן, דעם שאַרפן שפּיץ פונעם... איר פאַר-שטייט?

(ארבע כוסות)

דער, וואס רעדט פון וויין, דער טרינקט ניט קיין וויין, און דער, וואס טרינקט וויין, דער רעדט ניט פון וויין...

(בלאָנדזשענדע שטערן)

כבוד:

ווער ס'יאָגט זיך נאָך כבוד דער באקומט דעם כבוד, און ווער ס'אנטלויפט פון כבוד, לאָזט מען אים לויפן.

(יידישע פאָלקס-צייטונג)

מוסרים:

איינער מסרט דעם אנדערן דערפאר, וואס יענער האָט ביי אים צוגענומען פרנסה, און איינער מסרט דעם אנדערן צוליב דעם, ער זאָל ביי יענעם צונעמען פרנסה... איינער מסרט דעם אנדערן דערפאר, וואס יענעם איז צו גוט, און איינער מסרט דעם אנדערן דערפאר, וואָס אים אליין איז נע-בעך ניט גוט... און ווידער איז פאַראַן אַזעלכער, וואָס שרייבט אָן אויף יענעם א מסירהלע גלאט אזוי, אָן א שום סיבה און אָן א שום טעם, פון היימלעבקייטן וועגן: ער איז, פאַרשטייט איר מיך, א בעלן אָנקוקן, וואָס וועט זיין דער-פון...

(וועלוול גאמבעטא)

קאָרטן:

אַז איר ווילט שטודירן דעם מענטשנס כאַראַקטער, זאָלט איר אייך צוקוקן, ווי ער שפּילט אין קאָרטן. דער גאַנצער חיסרון איז נאָר, וואָס ניט יעדער קען זיך איינהאַלטן און צוקוקן, ווי יענער שפּילט. דערזעט איר א קאָרט, אַזוי נעמט אייך אָן א חשק איינצושטעלן אין קאָן. דער יצר-הרע פון קאָרטן איז געפערלעך.

(בלאָנדזשענדע שטערן)

קיבעצן:

איבערוואַרפן זיך מיט שטעכווערטער, פירן רכילות אויפן אָרט, ריידן לשון-הרע אין די אויגן, איינעסן זיך אין די ביינער, אריינקריכן יענעם אין די גרגרת, דערלאַנגען ביז דער זיבעטער ריפּ, דרעליוועט אַן אויער, טרעפן אין שוואַרצ-אַפּל, זאַלצן אויף די וואונדן, טרויבערן די קישקעס, רייסן די הויט, טרענען די אָדערן, דערגיין די יאָרן, מאַכן די עק-טיקע, באַגראָבן ניין איילן, מיט גוטן שלאָגן כפּרות, קושנדיק ארויסנעמען די נשמה...

(בלאָנדזשענדע שטערן)

שווייגן:

אַז דו שווייגסט זאָל דיין שווייגן זיין בעסער ווי גערעדט...

(יידישע פאָלקס-צייטונג)

„שטיל-לעבן״ :

אויף דער הוילער ערד, מיט שווארצן איבערגעדעקט, ליגט עפּעס א זאך, אינמיטן קיילעכיק פאַרשפּיצט. צוקאָפּנס, ביי דער זאַך, צאַנקען צוויי ליכט, אריינגעשטעקט אין צוויי פלעשלעך פון פאַרשיידענער גרויס און פאַרשיידענער פאַרב. פון יענער זייט ליכט, אויף אַ בענקל, אינמיטן שטוב, זיצט עפּעס אַ ייד, א שמש, מיט א קאָלטונעוואַטער באָרד און מיט אַ צעפּליקטער קאַפּאָטע. ביי דער רעכטער זייט, ביי דער וואַנט, שטייען פאַריתומט, איינס נעבן דאָס אַנדערע, ווי אַ צווילינג, אַ פּאָר אַלטע טיפּע צעריסענע גומענע קאַלאָשן, און אויפן ביישטידל פונעם איין-און-איינציקן פענצטער וואַלגערן זיך א פּאָר גרויסע שווארצע ברילן...

(פונעם יאריד)

# ווערטלעך

דער נגיד עסט נישט קיין רענדלעך, דער אָרעמאַן עסט נישט קיין שטיינער...
(הײנטיקע קינדער)

אָרעם איז ניט רײך, קרום איז ניט גלײך...
(דאָס גרויסע געווינס)

ס'איז ניטאָ קיין גלײכערס פון אַ קרומען לײטער און קיין קרומערס פון אַ גלײך וואָרט...
(דאָס גרויסע געווינס)

נגידים בלאָזן זיך, דער אָרעמאַן ווערט געשוואָלן...
(שלום־עליכם בוך)

אַ קראַנקן פרעגט מען, אַ געזונטן גיט מען...
(דאָס גרויסע געווינס)

אַ מלמד שמעקט מיט שדכנות, אַ באַלטאַקסע מיט קצב, אַ קרעמער מיט באַנקראָט, אַ באַנקיר מיט גנבה...
(די פריילעכע קאָמפּאַניע)

ס'איז נאָר נישטאָ די מכה אויף דער וועלט, וואָס זאָל זיך ניט פאַרהיילן, און אַזאַ צרה וואָס מ'זאָל זי נישט פאַר־געסן...
(חוה)

וואָס מער צרות — מער בטחון, וואָס מער קבצן — מער האָפענונג... (אַ בוידעם)

אַ שיין פּנים איז אַ האַלבער נדן...
(הוינטיקע קינדער)

אַז דאָס האַרץ איז פול, גייען די אויגן אַריבער...
(דאָס גרויסע געווינס)

שכל און חרטה — קומען צו־שפּעט...
(אַ בוידעם)

אַ קאַרגער מענטש און אַ פעטע קו ברענגען נוצן ערשט נאָכן טויט... (שלום־עליכם בוך)

דער טאַטע איז נאָכנישט געבאָרן געוואָרן, איז שוין דער זון אויסגעוואַקסן אויפן דאַך... (הוינטיקע קינדער)

דאָס בעסטע מילכיקס איז אַ שטיקל פליש...
(פינף און זיבעציק טויזנט)

אַז מ׳האָט מעכטער, פאַרגייט דער געלעכטער...
(דאָס גרויסע געווינס)

מ׳דאַרף ניט זיין חויך, מ׳זאָל זיין גרויס...
(שלום־עליכם בוך)

געווען שיין, געהאַט געלט, געסאַנט זינגען — די אַלע זאַכן טויגן אויף אַ כפרה...
(מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט)

אַ משכון צו פאַרזעצן און אַ גביר זאָל מען זיין...
(דאָס גרויסע געווינס)

אַז מ׳עסט חזיר, לאָז כאָטש רינען איבער דער באָרד...
(הייננטיקע קינדער)

דער ערלעכער טרעפט אויך אמאָל, אַז ס׳גייט אים...
(יידישע פאָלקס־צייטונג)

ווען דער פיסק זאָל ליגן אין דער ערד, וואָלט דער קאָפּ געגאַנגען אין גאָלד...
(דאָס גרויסע געווינס)

אַז ס׳גייט ניט — מאַכט קמץ־בית — בע...
(אַ בוידעם)

וועלן זיין קליגער פון אַלע — איז די גרעסטע נאַרישקייט...
(שלום־עליכם בוך)

אַז מ׳איז אַ פּ ש ר רייך, איז מען געווים קלוג...
(דאָס גרויסע געווינס)

נישט קיין ימים צעטיילען די פעלקער, נאָר די פעלקער צעטיילן די ימים...
(יידישע פאָלקס־צייטונג)

יענעמס גוטס איז גרינג צו שאצן; יעדן דאכט זיך, אַז יענעמס לייבט זיך, קומסט צו נאָענט, איז דאָס אַ מעשן קנעפּל...
(דאָס גרויסע געווינס)

קליינע צרות איז אייגנטלעך אַ גאַנץ גוטע זאַך, נאָר פאַר יענעם...
(יידישע פאָלקס־צייטונג)

## אַ.

אבל וחפוי ראש — אַ צעבראָכענער, אַ צעברעקעלטער.
(טביה פאָרט קיין ארץ ישראל)

אַגיל ואשמח — צוגעשניטן און אויפגעניים.
(היינטיקע קינדער)

אָדם איז אַ מענטש און בראָנפן איז בראָנפן.
(היינטיקע קינדער)

אָדם אַ מענטש, צפור אַ פויגל, קאַטשקע רוק זיך.
(האָדל)

אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר — אַ מענטש איז שוואַכער פון אַ פליג און שטאַרקער פון אייזן... (האָדל)

אָדם יסודו מעפר — מ׳איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש. (אַ בוידעם)

אָדם כבהמה נדמה — אַ מענטש באַדאַרף אַרבעטן, האָרעווען, פאַרשוואַרצט און אויסגעריסן ווערן צוליב דעם שטיקל ברויט... (חוה)

אָדם קרוב לעצמו — אַז מ׳איז גוט פאַר יענעם, איז מען שלעכט פאַר זיך... (הייטיקע קינדער)

אהבתי — ער וויל זי, זי וויל אים... (האָדל)

אהבתי כי ישמע לי — כ׳האָב פיינט אזעלכע קאַטאָ-וועסלעך...
(דער פארכישופטער שניידער)

אולי ירחם — טאָמער פאַרדין איך דאָ...
(טביה דער מילכיקער)

אומר ואוכל — אויפגעגנייט און אויסגעפּרעסט...
(דאָס גרויסע געווינס)

אחרי כבלות הכל — עק וועלט...
(דאָס גרויסע געווינס)

איזה לחיים ואיזה למות — מאַכט רש״י: גאָט איז גאָט און בראָנפן איז בראָנפן...
(דאָס גרויסע געווינס)

אין אומר ואין דברים — ער דערקענט מיך גאָרניט...
(א בוידעם)

אין אסתר מגדת — מאַכט זיך תמעוואַטע...
(האָדל)

אין חדש תחת השמש — קיין חכמות גייען נישט אָן...
(דער פארכישופטער שניידער)

אין לדבר סוף — אַ מעשה אָן אַן עק!... (חוה)

אין לך אדם שאין לו פעקל — פון וואָס מ׳זאָל נישט רעדן, אויפן טויט מוז מען ארויף...
(דער פארכישופטער שניידער)

אין קול ואין כסף — נישטאָ ניט קיין בריוו, ניט קיין ידיעה...
(האָדל)

אין קוצים בפרוצים — פאַרן עסן גייט קיין טאַנץ ניט...
(דער פארכישופטער שניידער)

אין קמח אין תורה — אַז מ׳שמירט ניט פּאַרט מען ניט... (חאַדל)

איש כמתנת ידו — איטלעכער דאַרף זוכן זיין גליקן... (חוה)

איש לפּעלו ואדם לעבודתו — דער שניידער צו דער שער און דער שוסטער צום וואַרשטאַט... (חוה)

אל הארץ אשר אראך — וואוהין די אויגן וועלן דיך טראָגן... (לך־לך)

אל הארץ אשר אראך — נאָ וסיע טשעטירע סטאָ־רעני... (לך־לך)

אל רחום וחנון — ער ווייסט וואָס ער טוט... (טביה דער מילכיקער)

אל תבטחו בנדיבים — קריכט ניט אין פייער אריין! (יקנהז)

אל תהי בז לכל בשר — אַז מ׳עסט ניט קיין קנאָבל, הערט זיך ניט נאָך... (אַ כשרה)

אל תסתכל בגלעזל, אלאַ בפלעשל... (דער פאַרבישופּטער שניידער)

אל תסתכל בקנקן — קוקט ניט וואָס אַ ייד גייט אין אַ נייער קאַפּאָטע... (טביה פאָרט קיין א״י)

אל תסתכל בקנקן — קוק ניט, חכם איינער, אהין, וואו מ׳דאַרף ניט... (חוה)

אל תפל דבר — כאַטאַ פּאָקרישקע... (יקנה״ז)

אל תפתח פה לשטן — ניט דערהאַרן וועלן דאָס מיינע שונאים... (חוה)

אַל תקשו לבבכם — ארויסגעוואָרפן מיין טרחה...
(דער פאַרכישופטער שניידער)

אַל תשלח ידך — א קאַטע פון דער פוטער!...
(חאַדל)

אַל תתהלל ביום מחר — א מענטש טראַכט און גאָט לאַכט...
(אַ בוידעם)

אם אין אני לי מי לי — איך בין ניט איך, דו ביזסט ניט דו...
(טביה פאַרט קיין א״י)

אם אין קמח אין תורה — אז מ׳עט מכות עסן, וועט מען קדחת קענען...
(טביה דער מילכיקער)

אם אין קמח אין תורה — די תורה ליגט אין קאַסטן און חכמה — אין קעשענע...
(הײַנטיקע קינדער)

אם כבנים אם כעבדים — ווי מיט קינדער אזוי אָן קינדער...
(טביה פאַרט קיין א״י)

אַ מכה בחברותא — וואָס גאָט גיט אבי אין איינעם...
(דאָס נײַע כתרילעווקע)

אני לדודי ודודי לי — איך בין דײַנע און דו ביזסט מײַנער...
(הײַנטיקע קינדער)

אנשי שלומנו — פון די שווארצע פינטעלעך!...
(וחלקלקות)

אָסור לרחם — נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט מיך!
(חות)

אסקאָקורדע דמאַסקאַנתאַ דקאַרנאָסע דפּאַרשמאַכטע...
(טביה דער מילכיקער)

אש להבה — שוועבל און פעך... (חאָדל)

אשרי האיש אשר לא הלך — וואויל איז דעם מענטשן, וואָס גייט ניט צופוס... (מתושלח)

אשרי יושבי — אז וואויל און אז גוט איז דעם, וואָס קען... (וחלקלקות)

אתה בחרתנו מכל העמים — מ׳האָט אונדז ליב אומעטום... (טביה דער מילכיקער)

אתה בחרתנו — ניט אומזיסט איז אונדז די וועלט מקנא... (דאָס גרויסע געווינס)

אתה יצרת — דו האָסט, גאָט באשאפן, עולמך — דיין וועלטל, מקדם — אויף יענער זייט שטאָט; בחרת בנו — און אונדז יידעלעך האָסטו אויסדערוויילט מיר זאָלן זיצן אין ענגשאפט, קאָפּ-אויף-קאָפּ אין א דערשטי-קעניש; ותתן לנו — און דו האָסט אונדז געטאָן געבן: צרות מיט ווייטיקן, מיט דלות, קדחת מיט רביעית האָסטו אונדז געגעבן ברחמיך הרבים...
(דער פארכישופטער שניידער)

ב.

באו מים עד נפש — דערלאַנגט אין ביין אריין...
(חאָדל)

באו מים עד נפש — ערגער קען שוין ניט זיין...

בגדלותי — אין די פעדערן... (לך־לך)

בגפו יבוא בגפו יצא — אז מ׳ליגט אריין קרענק נעמט מען ארויס קדחת... (אַ בוידעם)

בנפו יבוא בנפו יצא — איטלעכער שפילט זיך, ווי ער פארשטייט... (יקנה"ז)

בנפו יבוא בנפו יצא — געווען אַן אָרעמאַן און ארויס אַן אביון... (אַ נשרף)

בור כרה ויחפרהו — כטאָ יאמאָ קאָפּאיע, טאָי סאָם אופּאַדאיע... (יקנה"ז)

בור כרה ויפרפרהו — ס׳וועט א רוח אין זייער פאָטער און מוטער אריין... (דער פּאַרכישופטער שניידער)

בזיעת אפיך תאכל לחם — דאָס שטיקל ברויט דאַרף מען פארהאָרעווען, אומזיסט גיט קיינער ניט... (טביה דער מילכיקער)

בחור כהלכה — א יונג מיט אַ קאַמזויל און מיט סקריפּ-קעס, טשאַקנדיק און קנאַקנדיק... (דער פּאַרכישופטער שניידער)

בחרבי וקשתי — ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט... (אַ נשרף)

ביום ההוא אבדו עשתונותיו — מ׳איז דעמאָלט געבליבן אַן הויזן... (יקנה"ז)

בימנך נצח — מיטן קאָפּ אין דער ערד...

בלא חרטה ובלא דריי — א גאנג זאָל זיין א גאנג... (חנוכה געלט)

בכל לבבך ובכל נפשך — עסטו ברויט, דארפסטו וויסן פאַרוואָס... (האָדל)

במקום שאין איש — איז הערינג פיש... (דאָס גרויסע געווינס)

בנים גדלתי ורוממתי — האָרעווע פֿון קינדער וועגן, שלאָג זיך קאָפּ אין דער וואַנט, והם פשעו בי — זאָגן זיי, אַז זיי פאַרשטייען בעסער.. (היינטיקע קינדער)

בסוסים וגמלים — אויף שיסל און אויף טעלער...
(היינטיקע קינדער)

בעל כרחך אתה חי — איבער נויט שלעפּסטו אויף זיך דעם גלות, מעגסט יאָ וועלן, ניט וועלן, מ׳פרעגט ביי דיר קיין עצות נישט... (דער פאַרכישופטער שניידער)

בעל כרחך אתה חי — אַ מענטש נעמט זיך ניט אַליין, און אַז מ׳נעמט, גיט מען איבער די הענט...
(לך־לך)

בעל כרחך אתה חי — מיט געוואַלד לעבסטו און מיט געוואַלד צערייסטו אַ פּאָר שטיוול... (אַ בוידעם)

ברוכים הבאים — מיטן גרעסטן כבוד...

ברוך שלא עשני אשה — אַ יידענע בלייבט אַ יידענע...
(היינטיקע קינדער)

ברכב ובסוסים — אויף שיסל און אויף טעלער...
(דער פאַרכישופטער שניידער)

בשגגה — אויף אַ געלעכטער...

בשכבנו ובפיצקנו — אַנידערגעלייגט און אָפּגע־שמיסן!... (יקנה״ז)

בשם אלקי ישראל — מיטן קאָפּ אין דער ערד...

בשם אלקי ישראל — צו אַלדע שוואַרצע יאָר!
(דאָס גרויסע געווינס)

ג.

גר גדוד יגודנו — אז מ׳שערט די שאף, ציטערן די לעמעלעך... (יקנה״ז)

גם זו לטובה — גוט וואס כ׳האב כאטש קינדער, אנ-דערע האבן דאס אויך ניט...
(טביה דער מילכיקער)

גם זו לטובה — מסתמא הייסט גאט אזוי...
(דאס גרויסע געווינס)

גם זו לטובה — ס׳קען זיין ערגער, בעסער האט קיין שיעור נישט...
(האדל)

גם לי גם לך — נישט מיר, נישט דיר...
(די יורשים)

ד.

דברים ברורים — קורצע דבורים...
(חוה)

ה.

הבא להרגך, שמארגהו נאזאר — האסט געכאפט א פאטש, שטעק אפ צוויי צוריק... (יקנה״ז)

הבה נתחכמה — לאמיר אים דורכברעכן די ביינער...

הבל הבלים — א נארישע וועלט און א פאלשע, און געזונט און פארגעניגן זאל מען זוכן אין שיסל...
(א בוידעם)

הודו לה׳ כי טוב — ווי אזוי גאט פירט אזוי איז גוט...
(חוה)

הזורעים בדמעה ברנה יקצרו — בעסער פריער באַ-
וואַרנט, איידער נאָכדעם באַוויינט... (אַ בוידעם)

החיים והמות ביד הלשון — אז גאָט וויל שטראָפן אַ מענטשן, נעמט דאָס אָפּ ביי אים דעם שכל...
(אַ בוידעם)

החיים והמות ביד הלשון — מיט איין וואָרט קען מען מען אמאָל קאַליע מאכן אזויפיל, וואָס איר וועט דערנאָך ניט פאַרריכטן מיט קיין צען טויזנט ווערטער...
(כתרילעווקער נשרפים)

החלות לנפול — ביסט געווען אַ קבצן און וועסט בלייבן אַ קבצן... (דאָס גרויסע געווינס)

החלות לנפול נפול תפול — איר האָט אָנגעהויבן גיסן, גיסט שוין אָן נאָך אביסל בראָנפן...
(דער פאַרכישופטער שניידער)

החלות לנפול — אז ס'האָט זיך שוין אזוי געמאכט, איז נפל תפול — לאָז זיך עס גיין ווי ס'גייט זיך...
(אַ נשרף)

היום הרת עולם — נאָר נישט געזאָרגט...
(דער פאַרכישופטער שניידער)

הכל הבל — געלט איז קיילעכדיק...
(אַ בוידעם)

הכל הבל — קרעפּלעך עסן קען אויך נמאס ווערן...
(הײנטיקע קינדער)

הלך לעולמו — ער איז שוין לאַנג אין אמעריקע...
(מיליאָנען)

הלך לעולמא — פּישי פּראַפּאַלאַ!

(יקנה"ז)

הלך לעולמו — פאַר ווייטער!

(הײנטיקע קינדער)

הלך לעולמו — שפּאַן, ברודער, שפּאַן...

(דער פארכישופטער שניידער)

הלך משה מרדכי — פּאשאַל אַן א זיי־געזונט אהיים...

(חוה)

הלעיטנו־נאַ מן האדום האדום הזה — גיסט אַן, זייט מוחל, פון יענעם גרינעם פלעשל...

(דער פארכישופטער שניידער)

המבדיל בין קודש לחול — דער וואָס האָט די קלינ־גערם, דעם איז וואויל...

(דאָס גרויסע געווינס)

המבלי אין קברים במצרים — קארג „אָבסטשעסטוועס" פּאראַן ביי אונדז...

המשפילי לראות בשמים ובארץ — אין דער ערד מיט די פּאָסטאָראַנקעס...

(לך־לך)

הנה זה באָ! מאכט רש"י: טשאָרט לעדאשטע נע וויזמע...

(טביה דער מילכיקער)

הנשמה לך — די וועלט איז אויך א וועלט...

(היינטיקע קינדער)

הנפש קח לך והרכוש תן לי — נעמט אייך דעם נפש און מיר גיט אביסל בראַנפן...

(דער פארכישופטער שניידער)

ה׳ נתן ה׳ לקח — א ווייב איז א גאָטס זאַך...

ה׳ נתן ה׳ לקח — מיר זענען גיט די ערשטע, מיר זענען גיט די לעצטע... (חוח)

ה׳ נתן ה׳ לקח — ניע בילאָ או מיקיטא הראָשי אי ניע בודע! (פינף און זיבעציק טויזנט)

הרי אני כבן שבעים — נאָך גאנץ ווייט צו זיבציק...
(לך־לך)

השלך על ה׳ — פארלאָז דיך נאָר אויף גאָט, ער וועט שוין מאכן אזוי, אז דו זאָלסט ליגן טיף ניין איילן, אין דער ערד, באַקן בייגל און נאָך זאָגן: גם זו לטובה!...
(שפרינצע)

השמים שמים לה׳ — ס׳איז א הימל פון גאָט...
(שפרינצע)

ו.

ואתא שונרא ואכלה לגדיא — ניע מאלאָ באָבע כלאָפּאָטע קופילע סאָבי קאָניא...
(דער פארכישופטער שניידער)

והילד איננו — כ׳זע אים ניט...
(אַ בוידעם)

והשתיה כדת — אלצדינג דאַרף זיין באַטראַכט...
(הײנטיקע קינדער)

וחי אחיך עמך, מאכט רש״י: נעבאַי סאָבאַקי ניע ברעשי... (לשנת טובה)

ויאכלו — מאכט רש״י: ווי גאָט האָט געבאָטן...
(אַ בוידעם)

ויאכלו — מ׳האָט געקנאַקט ווי די היישעריקן...
(דאָס גרויסע געווינס)

ויבוא המן — מאכט רש״י: אז מ׳קוקט ארוים אויף משיחן, קומט דער אוראַטניק...
(לך־לך)

ויבוא המן — מאכט רש״י: דער רוח האָט אים גע־בראַכט צו טראָגן...
(שווער צו זיין אַ ייד)

וידבר על העצים ועל האבנים — מאכט רש״י: רעדט צו דעם לאָמפּ...
(יקנה״ז)

ויהי ערב ויהי בוקר — געווען איז דאָס צווישן טאָג און נאַכט...
(האָדל)

וימת משה — געשטאָרבן מאָטל...
(לך־לך)

וינצלו את מצרים — אויסגעפּאַרקויפט אַלצדינג...
(טביה דער מילכיקער)

ודע מה שתשיב — אַז וואויל איז דעם וואָס ווייסט...
(וחלקלקות)

ויסעו ויחנו — וואו געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיקט...
(וחלקלקות)

ויסעו ויחנו — טודא אי נאַזאַד...
(טביה פאָרט קיין א״י)

ויסעו ויחנו — פאָר דו צו מיר, וועל איך פאָרן צו דיר...
(שפּרינגצע)

ויסעו מרפידים — און מיר זענען אַוועק מיטן וואַלד גלייך אונדזער וועג...
(דאָס גרויסע געווינס)

וישכחהו — מאכט רש״י: ניע בולאַ ניקאַלע או מיקאַלע... (טביה דער מילכיקער)

ומקדים רחמים לרוגז — ער שיקט צו די רפואה פאר דער מכה... (טוביה פאַרט קיין א״י)

ושמחת בחגך — הוליע קבצן! (חאַדל)

ושם נאמר — רוף מיך קנאַקניסל... (טביה דער מילכיקער)

ותלמוד תורה כנגד כולם — אביסל מהיכא תיתי איז בילכער פון אלץ... (דער פאַרכישופטער שניידער)

ויתרוצצו הבנים — די טעכטער זענען אונטערגע-וואַקסן... (טביה דער מילכיקער)

ז.

זה חלקי מכל עמלי — אַט אזוי דאַנקסטו מיר אָפּ פאַר מיין סלוזשבע... (טביה פאַרט קיין א״י)

זן ומפרנס לכל — פירט דאָס וועלטל קלוג מיט שכל... (דאָס גרויסע געווינס)

ח.

חדש ימינו כקדם — דער אייגענער שלים-מזל וואָס פריער... (חות)

חדש ימינו כקדם — ניע בולאַ או מיקיטע הראָשי אי ניע בודע... (וחלקלקות)

חלום חלמתי ואיני יודע — וואָס ס׳האָט זיך מיר גע-
חלומט יענע נאכט און היינטיקע נאכט...
(טביה פאָרט קיין א״י)

חנם אין כסף — טרוקן אָן פעטש...
(דער פארכישופטער שניידער)

## ט.

טורא בטורא — א מענטש מיט א מענטשן...
(טביה פאָרט קיין א״י)

## י.

יאָה עניותא לישראל — גאָט אליין האָט אויך פיינט א
קבצן... (האָדל)

יאָה עניותא לישראל — כטשערעוויטשקע קראַסנע
לדיווקע ביוורא... (דער פארכישופטער שניידער)

יאָק יצר-הרע נאפאדי, טאָ תקיעת-כף ניע פאָמאָזשע...
(יקנה״ז)

יבוא יונה — ס׳וועט קומען אויף זיי א צייט...
(דער פארכישופטער שניידער)

יגיע כפיך כי תאכל — אז דו וועסט ניט האָרעווען —
וועסטו נישט עסן... (חוה)

ידע שור קונהו — א סקאָטינע פילט, אז מ׳האלט דאָס
ביים פארקויפן... (טביה פאָרט קיין א״י)

יהלך זר — גוטע סחורה לויבט זיך אליין...
(אָ בוידעם)

יודע נגן — פארשטייט אין די קליינע אותיותלעך...
(האָדל)

יודע צדיק נפש בהמתו — נישט טביהס פערד גייט אויף מלחמה...
(טביה פאָרט קיין א"י)

יומם ולילה על התורה ועל העבודה — אויף דער נאָדל מיטן פאָדעם און געטשאָבעט מחילה תחתונים...
(לך־לך)

יעלה ויצמח — זאָל ער גיין, זאָל ער לויפן...
(אין שטורם)

ירגזון — גאנץ ברייטלעך...
(דער פארכישופטער שניידער)

## כ.

כאור — דעמאָלט ווען גאָט אליין שלאָפט נאָך...

כאשר אבדתי אבדתי — געווען א שלים-מזל און א שלים-מזל וועל איך שוין שטארבן...
(לך־לך)

כאשר אהבתי — אזוי ווי איר האָט ליב...
(לך־לך)

כבד את אביך — מ׳פאָלגט נישט א טאטן, גייען זיי אליין צום שווארצן יאָר און מאכן א תל פון טאטע-מאמע...

כבדהו וחשדהו — ניע וויר סאָבאקע...
(האָדל)

כדבעי — ווי גאָט האָט געבאָטן...
(א נשרף)

כולו מוקשה — דער פסוק איז רעכט ארום און ארום...
(טביה פאָרט קיין א"י)

כולם אהובים, כולם ברורים — אז גאָט גיט מיטן לעפל, גיבן ליט מיטן שעפל... (אַ בוידעם)

כולם אהובים, כולם ברורים — אלע ווייבער זענען אויף איין שניט... (דער פארכישופטער שניידער)

כולם ברורים — רײנע דבורים... (יקנה"ז)

כולנו חכמים — אלע ווילן לערנען... (האָדל)

כולנו נבונים — אלע ווילן שטודירן... (האָדל)

כחומר ביד היוצר — ווי א פערדל אין א וואָגן. ברצותו מקצר וברצונו מפצר, וויל ער — גייט ער, וויל ער — שטייט ער... (מען איז זיך מוחל)

כי אדם אני ולא פארך — כ׳בין דאָך עפּעס נישט קיין ייִנגעלע... (דער פארכישופטער שניידער)

כי במקלי עברתי את הירדן — מאכט רש״י: געקומען מיטן בייטשל און אוועק מיטן בייטשל... (טביה דער מילכיקער)

כי טובת מראה היא — שיינט ווי א שטיק גאָלד... (האָדל)

כי יבער במעט אפו — וועט דיר אראָפּ די נאָז...

כי לא נאה כי לא יאה — ווי מ׳בעט זיך, אזוי שלאָפט מען...

ככתוב — ווי גאָט האט געבאָטן... (חוינטיקע קינדער)

כל דכפין ייתי ויצרך — פאַרן עסן גייט קיין טאַנץ גישט... (אַ בוידעם)

כל האָדם כוזב — איטלעכער האָט זיך זיינע מכות... (אַ בוידעם)

כל האדם כוזב — וואו ערגעץ אַ צרה דאַרף עס טרעפן מיך... (דער פאַרכישופטער שניידער)

כל האדם כוזב — ניטאָ קיין אמת אויף דער וועלט... (הײנטיקע קינדער)

כלחוך חשור — ס'איז נאָך געווען טונקל... (הײנטיקע קינדער)

כל עורב למינהו — איטלעכער וועט בלייבן ביי זיין משוגעת... (טביה דער מילכיקער)

כל עורב למינהו — איטלעכער טרינקער געפינט זיך זיין וויין... (די פריילעכע קאָמפּאַניע)

כל עורב למינהו — איטלעכער צו זיינעם... (דאָס גרויסע געווינס)

כמה לקו במצרים — וויפיל האָב איך געדאַרפט משלם זיין... (דער פאַרכישופטער שניידער)

כסף וזהב זענען טייערע ממזרים... (מטהר חזירים). (בלאָנדזשענדע שטערן)

כסף וזהב מעשי ידי אָדם — געלט באַגראָבט אַ מענטשן... (שפּרינצע)

כעס איז עבודה-זרה — אזוי ווי די עבודה-זרה העלפט אזוי העלפט כעס...

כצינה רצון תעטרנו — מיט א דישל אין האלדז אריין...

כרחם אָב על בנים — א פּאָטער בלייבט אַ פּאָטער...
(האָדל)

כרחם אב על בנים — נישטאָ קיין שלעכט קינד ביי אַ טאַטן...
(חוה)

כשושנה בין החוחים — ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן...
(שפּרינצע)

ל.

לא אמות כי אחיה — אז ס׳איז נישט באַשערט שטאַרבן, שטאַרבט מען ניט...
(חוה)

לא אמר כלום — האָט קלים גאָרניט געזאָגט...
(טביה דער מיליכיקער)

לא בשמים ולא בארץ — ניט קיין סחורה, ניט קיין געלט, נאָר גלאַט אזוי צרות...
(אַ בוידעם)

לא בשמים ולא בארץ — נישט אהין, נישט אהער...
(האָדל)

לא בשמים ולא בארץ — ס׳הויבט זיך גאָרניט אָן...
(טביה פאָרט קיין א״י)

לא בשמים ולא בארץ — צווישן הימל און ערד און טעלעפּעטשעט מיט די רגלים...

לא דובים ולא יער — ניט קיין וואלד, ניט קיין בוי-מער, ניט קיין טייך...
(מיליאָנען)

לאו עכבּרא גנב — נישט דאָס וועקסל צאָלט, דער מענטש צאָלט... (אַ בוידעם)

לאו כל האָדם כוזב — נישט איטלעכער איז דערויף אַ מבין... (דער פאַרכישופטער שניידער)

לא יחרץ כלב לשונו — נעבּיי סאָבּאקע דראָם ניע בּרעשע — זאָל אַ הונט ניט בּילן אומזיסט...
(חוח)

לא לחכמים לחם — אַלע קענערס גיין אָן שטיוול...
(נחת פון קינדער)

לא היה ולא נברא — דאָס איז געווען אַמאָל, נישט היינט... (יקנה"ז)

לא מעוקצך ולא מדובשך — זייט מיר ניט קיין פעטער און גייט מיר ניט קיין שטיוול...
(נישטאָ קיין נייס)

לא מעוקצך ולא מדובשך — נישט קיין געלט, נישט קיין געזונט, נישט קיין לייב און לעבן . . .
(היינטיקע קינדער)

לא מעוקצך ולא מדובשך — קריך מיר נישט אויפן בוידעם און דאָס מיר נישט אויפן לייטער...
(בלאָנדזענדע שטערן)

לא מעוקצך ולא מדוקצך — כ'בין אייך מוחל דעם כבוד, כ'וויל נישט קיין פעטש...
(דער פאַרכישופטער שניידער)

לא פידאלתי — האָב איך ניט געטאַנצט מיטן בער...
(יקנה"ז)

להושיבי עם נדיבים — זיך טוישן מיט די מיליאָנטשי-
קעס... (טביה פאָרט קיין א"י)

לי הכסף ולי הזהב — געלט איז בלאָטע...
(אַ בוידעם)

לי הכסף ולי הזהב — מיין געלט — אייער סחורה...
(דער פארכישופטער שניידער)

לי השמים ולי האָרץ — יידן און גויים אַלע גלייך...
(טביה דער מילכיקער)

לכל זמן — ווען מ׳דארף ריידן געשעפט, איז געשעפט...
(שפרינצע)

לכל זמן — יעדער זאך איז ביז אַ צייט...

לך לך מארצך — קריך אין זאק אריין, האָב חתונה,
האָב קינדער און ווער פארשווארצט אויף דיינע יאָר און
טעג, כי לכך נוצרת... (דער פארכישופטער שניידער)

למה הרעת לעם הזה — וואָס קוקט איר מיך אָן ווי אַ
בייזן מארשעליק?... (דער פארכישופטער שניידער)

למה זה אנכי — וואָס דארפסטו זיך מישן?...
(טביה פאָרט קיין א"י)

למה זה אָנכי — מאכט רש"י: שאַ מיני מיקיטא זא
משולאָוויק!... (אין שטורם)

למה רגשו גוים — וואָס האָט איר זיך צוערעדט פון
עסעניש...

למה רגשו גוים — וואָס טויג אייך אַ יידיש וואָרט!...
(דער פארכישופטער שניידער)

למנצח על הגיתית — אז ס׳גייט — לויפט עס...
(דאָס גרויסע געווינס)

לנכרי תשיך — מיט פּאָליציי דאַרף מען וויסן, ווי אזוי צו האַנדלען...
(טביה פּאַרט קיין א״י)

## מ.

מאין באת ולאן אתה הולך — ווער ביסטו און ווער איז ער?...
(חוה)

מה אנו ומה חיינו — וואָס זאָלן מיר מאַכן?...
(דער פּארכישופטער שניידער)

מה אנו ומה חיינו — ווער בין איך אזוינס, וואָס דו טראַגסט מיך אויפן קאָפּ כסדר...
(חוה)

מה יקר — וואָס וועסטו האָבן דערפאַר?...
(דאָס גרויסע געווינס)

מה נשתנה — ווי קום איך צו אים? איז דער תירוץ — עבדים היינו — ס׳איז אזוי באַשערט...
(אַ בוידעם)

מזגבתאַ דחזירתא לאַ מאַכאנתאַ שטריימילותא...
(טביה פּאַרט קיין א״י)

מי באש ומי במים — ווער ס׳פּאַרט און ווער ס׳גייט צופוס...
(בלאָנדזשענדע שטערן)

מי באש ומי במים — פאַר פייער און פאַר וואַסער...
(האָדל)

מי ברכב ומי בסוסים — ווער ס׳פּאַרט, און ווער ס׳גייט צופוס...
(טביה דער מילכיקער)

מי ברעש ומי במגפה — אז ס׳איז באשערט צו מוטשען זיך — שענקט גאָט דאָס לעבן...

(נישטאָ קיין ביים)

מי ברעש ומי במגפה — אמאָל אזוי, אמאָל אזוי, אבי מ׳איז געזונט, ככתוב, ווי אין פסוק שטייט געשריבן: אסקאקורדע דבארבאנטע דפארשמאַכטע דקארנאָסע...

(דער פארכישופטער שניידער)

מי ומי ההולכים — ווער זאָל שפּילן...

מי ירום ומי ישפל — ווער ס׳פאָרט און ווער ס׳גייט צופוס...

(דאָס גרויסע געווינס)

מכל חבא לידי — וואָס ס׳איז מיר געקומען אין מויל אריין...

(אין שטורם)

מכלכל חיים בחסד — ווער דער דאָ טוט טאָן שפּייזן אלע זיינע באשעפענישן, ומקיים אמונתו לישני עפר — אפילו די וואָס ליגן אין דער ערד און באקן בייגל...

(דאָס גרויסע געווינס)

מן השפה ולחוץ — פון דער סקאָוועדרע גלייך אין מויל אריין...

(שפּרינצע)

מקימי מעפר דל — אז גאָט העלפט דעם אָרעמאַן, מאשפּות ירים אביון — איז אים גאָרניט צו דערקענען...

(טביה פאָרט קיין א״י)

משל כחרס הנשבר — די גאַנצע וועלט איז א חלום...

(א בוידעם)

משנה מקום משנה פּלעצל...

## נ.

נותן בצימבל, הולך בטענצל...

נקי — ריין ווי א טעלער...
(די פריילעכע קאַמפּאַני)

נשים דעתן קלות — ווייבער זענען געגנדז...
(דער פאַרכישופטער שניידער)

נשמת כל חי — אויך א באַשעפעניש ביי גאָט...
(דאָס גרויסע געווינס)

נתן מעות לקח קמח — וואשי הראָשי, גאשי טאָוואר...

## ס.

סלחתי כדבריך — לאָז זיין מיט גליק...
(הוינטיקע קינדער)

## ע.

עבדים היינו — דארויף זענען מיר דאָך עפּעס שטיקלעך
יידן אויף דער וועלט... (דאָס גרויסע געווינס)

עד חצי המלכות — דאָס טעלערל פון הימל...

עד כאן אומרים בשבת הגדול — ס'זאָל זיין הײַנטיקס
מאָל געגנוג... (תוה)

עוד היום גדול — דער טאָג שטייט ניט!...
(דער פאַרכישופטער שניידער)

עולים וירדים — אז מ'שמירט פאַרט מען...
(אַ בוידעם)

עולים ויורדים — ארויף און אראָפּ...
(לך־לך)

עולם כמנהגו — די וועלט בלייבט ניט שטיין...
(תות)

עולם כמנהגו — לאָז זיך מיט זיי גאָט רעכענען...
(אַ נשר)

עזוב תעזוב — דארפסט אים נישט פארלאָזן...
(האָדל)

עזים תעשה לך — ציגן זאָלסטו קויפן...
(דער פארכישופטער שניידער)

עין תחת עין — אַ פּאַטש פאר אַ פּאַטש...
(האָדל)

על הראשונים ועל האחרונים — וואָס איך האָב גערעדט און וואָס איר האָט גערעדט...
(דער פארכישופטער שניידער)

על התורה ועל העבודה — אויף דער נאָדל מיטן פּאָדעם און געטשאָבעט, מחילה, תחתונים...
(לך־לך)

על ישראל ועל רבנן ועל תלמידיהון — אַ גוטער מאָרגן זאָל אייך זיין רבי מיט אייערע תלמידים...
(דער פארכישופטער שניידער)

על ישראל ועל רבנן — ס'זאָל אַ רוח אין זייער טאַטן אריין, אונדזערע יידלעך מיט אונדזערע קאַזיאָנע רבנים...

על כל דברי שירות ותשבחות — אויף יעדן טריט...
(האָדל)

על כן יאבדו דרך — האַלט איין דעם וואָגן...

עמאָ פזיזאָ — מיט א יידן איז נאָר גוט קוגל עסן, דאַוו־נען פון איין סידור, און ליגן אויף איין בית־הקברות...

עמך — שער און אייזן אונדזער פאָלק...
(דער פארכישופטער שניידער)

עני חשוב כמת — אָן פינגער קען מען קיין פייג ניט שטעלן...
(דער פארכישופטער שניידער)

עני חשוב כמת — ניטאָ פאפע, גיי ליולע...
(דער פארכישופטער שניידער)

עקודים נקודים וברודים — אָ מכה אויף א מכה און אויף דער מכה א בלאָטער...
(א בוידעם)

עקודים, נקודים וברודים — פראָסטע מענטשן, באַל־מעלאָכעס און באלעבאטים...
(האָדל)

## פּ.

פשוט נבלה ואל תצטרך — א קניפּ אין באק די פארב זאָל שטיין...
(אָ נשרף)

## צ.

צדקת כדבריך — איר האָט היינטיקס מאָל דוקא ניט געטראָפן...
(דער פארכישופטער שניידער)

צהלה ושמחה — הוליע קבצן...
(היינטיקע קינדער)

צעקה הנערה — שריי צווזעצטערהייט...
(אָ בוידעם)

צער גידול בנים — פון קינדער האָט מען צרות...
(חות)

צפרא טבא למאריה דחיטה דקופא דמחטא — א גוטער מאָרגן זאָל זיך ארייננכאפּן, רבי, צו אייך און צו אייערע תלמידים... (דער פארכישופטער שניידער)

צרות רבים חצי נחמה — אז מ׳זעט זיך אָן יענעמס צרות, ווערט אביסל גרינגער אויף דער נשמה...

## ק.

קאפּאָטע במשכנתא שוויינקאך בגרונים — פאַרזעץ די קאפּאָטע און נעם אביסל בראָנפן...
(דער פארכישופטער שניידער)

קטונתי מכל החסדים — זאָל א רוח אין זייער טאַטן אריין...

קטונתי מכל החסדים — כ׳דארף עס אויף כפּרות...
(דער פארכישופטער שניידער)

קרוב לשכר ורחוק מקעשענע...
(א בוידעם)

## ר.

ראה נאָ בענינו — זע, באַטראַכט ווי מיר האָרעווען און נעם זיך אָן די קריוודע פון אָרעמעלייט...
(דאָס גרויסע געווינס)

רבות מחשבות בלב איש — דאָס בעסטע פערד דארף האָבן א בייטש, דער קלוגסטער מענטש אן עצה...
(א בוידעם)

רבות מחשבות בלב איש — דוריען דומקאָיו באַ־גאַטיעיעט... (שפּרינצע)

רגליהם ולא יהלכו — האָסט פיס, ביסטו ניט קראַנק צו שפּאַנען... (דער פאַרכישופטער שניידער)

רוח והצלה יעמוד ליהודים — אַ ייד — כל זמן שהנשמה בקרבו — ס׳שלאָגט זיך נאָך אַן אָדער, טאָר ער ניט פאַרלירן דעם ביטחון... (דאָס גרויסע געווינס)

רוח והצלה יעמוד ליהודים — גאָט זאָל העלפן דאָס קרן זאָל כאָטש זיין גאַנץ... (אַ בוידעם)

רוח והצלה יעמוד ליהודים — מיין גלייכן וועל איך מיר געפינען — ממקום אחר... (האָדל)

רחל מבכה על בניה — א מאמע איז א פּאַקרישקע... (הײנטיקע קינדער)

רפאינו ונרפא — שיק אונדז צו די רפואה, די מכה האָבן מיר שוין אליין... (דאָס גרויסע געווינס)

## ש.

שאו ידיכם — רוקי ווערך!... (נישטאָ קיין נײַס)

שבעה דברים בגולם — אַ יידינע האָט אין זיך ניין מאָס רייד... (חוה)

שובר אויבים — א גוטער צאָלער... (דאָס גרויסע געווינס)

שובר אויבים ומכניע זרים — געבראָכן פענצטער און געריסן בעטגעוואַנט... (וחלקלקות)

שחורה אני ונאוה — ווער ס׳איז שיין, איר זענטביידע זאכן... (דער פארכישופטער שניידער)

שלי שלך, שלך שלי — מיינס דיינס, הפקר ציבעלעס... (האָדל)

שלום בבית משכון בקעשענע...

שלשה דברים — א וואָרט און צוויי און א מאָריטש... (דער פארכישופטער שניידער)

שלשה דברים — צוויי ווערטער... (טביה פאָרט קיין א״י)

שלשה שאכלו — ער האָט געגעסן פאַר דריי... (טביה פאָרט קיין א״י)

שמלה לך קצין תהיה לנו — פעטש זאָלסטו כאפּן און גבאי זאָלסטו זיין... (דער פארכישופטער שניידער)

ששון ושמחה — א געשריי, א געפילדער...

## ת.

תדבק לשוני — ווי אָפּגענומען דאָס לשון... (שפּרינצע)

תולה ארץ על בלימה — לאָז זי שטיין, ווי זי שטייט... (טביה דער מילכיקער)

תמות נפשי עם פלישתים — איך וויל אויך האָבן עולם־הבא, א שטול אין גן־עדן...

תמות נפשי עם פלישתים — איר זאָלט קינדער צעזעצט ווערן טרינקנדיק...

# אינהאַלט:

זייט

זייט

## יידיש-לעבן און מנהגים:



## יידישע מידות:

פאַרלאַג „קיץ", ניו־יאָרק

# קליין־מענדעלע

טיפּן, בילדער און גלייכווערטלעך

פון מענדעלע מוכר ספרים ווערק

●

צוזאַמענגעשטעלט פון

יאָסל קוצענאָגי (קיץ)

●

**פּרייז 2 דאָלאַר**

אין אַלע ביכער געשעפטן.

פארלאַג „קיץ״, ניו־יאָרק

# פון מיין גאָרטן

א בוך קורצע דערציילונגען

פון

יאָסל קוצענאָגי (קיץ)



דאָס בוך ענטהאלט 34 זאכן — עטלעכע לענגערע דערציילונגען, אַ פּאָר הומאָרעסקען און א גאנצע סעריע מיניאַטורן.

**פּרייז 1 דאָלאר**

אין אלע ביכער געשעפטן.